רפאל גוטמאַן

# יִידיש

דריטער טייל



ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע.
אַ לייענבוך מיט אַ סך אילוסטראַציעס און בילדער.



פאַרלאַג
סטאַר היברו בוק קאָמפּאַני
18 אָרטשאַרד סטריט, ניו-יאָרק
1926

## וואַרנונג:

דאס רעכט אַרויסצוגעבען דיזען בוך אין אַמעריקא און קענעדע, האָב איך איבערגע־געבען צו די „סטאַר היברו בוק קאָמפּאַני“, און קיין אַנדערער האָט דאָס רעכט איבער־צודרוקען.

רפאל גוטמאַן
וואַרשא, תרפ"ו

מ. ראָזענפעלד.



## מיין ייִנגעלע

איך האָב אַ קליינעם ייִנגעלע,
אַ זונעלע גאָר פיין!
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם ווען ער וואַכט;
איך טרעף אים תמיד שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק:
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב!
אָ, פרעמד מיין קינד׳ס אַ בליק!

איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים
אין פינסטערניש געהילט, —
מיין בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד
ווי פיין דאָס קינד זיך שפּילט;

ווי זים ער רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ מאַמע, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מיין גוטער, גוטער פּאַ?“

איך הער עס צו און פיל — עס מוז, —
אָ, יאָ, עס מוז געשען:
די פּאַטער־ליבע פלאַקערט אויף:
עס מוז מיין קינד מיך זען!

איך שטיי ביי זיין געלעגערל,
איך זע, איך הער — און שאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלאך:
„אָ, ווו איז, ווו איז פּאַ?“

— „דאָ שטייט דיין פּאַפּאַ, טייערער,
אַ פּענעלע דיר נאַ!“
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, ווו איז, ווו איז פּאַ?“

איך קוש די בלויע אייגעלעך,
זיי עפ׳נען זיך — אָ, קינד!
זיי זעען מיך, זיי זעען מיך,
און שליסן זיך געשווינט.

איך בלייב צעווייטאָקט און צעקלעמט,
פאַרביטערט, און איך קלער:
„ווען דו ערוואַכסט אַמאָל, מיין קינד,
געפינסטו מיך ניט מער“.



פרץ הירשביין



# א נארישער חלום.

די מַעשׂה וואָס איך וועל אייך דאָ דערציילן, איז נישט קיין אֶמת און נישט קיין ליגן. עס איז א נארישער חלום וואָס האָט זיך מיר געחלומט יינגלוויין ווען איך בין נאָך אין חֶדר געגאַנגען און חומש געלערנט.

חָלומט זיך מיר: אַ פייגעלע בין איך. נישט קיין מענטש, נאָר אַ פייגעלע. אַ שוועלבעלע.

געקומען בין איך פון אַ ווייט לאַנד ערגעץ, דאַכט זיך פון אֶרץ־יִשׂרָאֵל גע־קומען צו פליען.

פלי איך אהער, פלי איך אהין, זוך מיר אן אָרט, ווו א נעסט צו מאַכן. געפין איך מיר א שיינעם אָרט אונטער א דאך, ערגעץ איבער אַ פענסטער. באַקוק איך און באטראַכט דאָס אָרט: מיין נעסט וועט זיך דאָרט האַלטן: קיין ווינט וועט נישט אריינבלאָזן, קיין רעגן – נישט ארייננגיסן. אלצדינג גוט. איך נעם מיט חֵשֶק בויען.

פלי איך אהער, פלי איך אהין, ברענג קלעפיקע שטיקלעך בלאָטע און שטיקלעך ליים אין מיין שנעבעלע, לייג עס איבער, פלעכט עס איין מיט שטרויע־לעך, מיט דינע, דינע העלצעלעך. אז די שטיקלעך בלאָטע און די שטיקלעך ליים זאָלן זיך שטארקער האלטן צווישן זיך.

איך קלעפ און בוי, בוי און קלעפ, און מיין נעסט איז שוין פון אויסווייניק פאַרטיק.

בלייבט מיר נאָך אויסצובעטן מיין נעסט פון אינעווייניק מיט ווייכינקע שטרויעלעך, הערעלעך און פעדערלעך. ווייך און וואַרים זאָל זיין אין אים צו וווינען. שטרויעלעך און הערעלעך געפונען, פעדערלעך – נישטאָ.

פלי איך אהער, פלי איך אהין – נישטאָ קיין פעדערלעך.

דערמאָן איך מיך, אין חֶדר אויפן בוידים, ווו מיר, חֶדר־יינגלעך, פאַרקלייבן זיך אמאָל שפילן, שטייען פעסלעך מיט פעדערן, וואָס די רֶבּיצין האָט ערב יום־כיפור אָפּגעפליקט פון די כַפָּרות.

קום איך צופליען אויפן בוידים, דורך א צעבראָכן שייבעלע, וואָס אין א קליינעם פענסטערל דאָרטן. שפּילן זיך אויפן בוידים צוויי יינגלעך, מיינע חבֿרים — שלמהלע און חיימל.

— לאָמיר דאָס שוועלבעלע כאַפּן, דערהרגענען — שרייט שלמהלע.

— פאַרוואָס דערהרגענען — פרעגט חיימל.

— זעסטו, — זאָגט שלמהלע, — דאָס העלדזועלע איז ביי דעם רויט. עס האָט אין שנעבעלע פייער געטראָגן דעם בית־המקדש צו פאַרברענען.

וויל איך צוריק ארויספליען. האָבן זיי דאָס פענסטערל פאַרשטעלט, איך זאָל נישט קענען ארויספליען, פאַרשטעלט דאָס פענסטערל און אָנגעהייבן וואַרפן אויף מיר זייערע היטלען.

פלי איך אהער, פלי איך אהין, פון איין ווינקל צום אנדערן, איך זוך א שפּעלטעלע אויף דער גאַס ארויס — נישטאָ! קום איך צום פענסטערל — באַץ! — צעשלאָג איך מיך און קען נישט ארויס.

— וועסט ווייטער טראָגן פייער דעם בית־המקדש צו פאַרברענען — שרייט שלמהלע און שליידערט אייף מיר זיין היטל.

— מיר וועלן דיך פּאַקן! — שרייט חיימל — און וואַרפט א רייף פון א צעבראָכענער פאַס.

פלי איך אהער, פלי איך אהין און שלאָג מיך פון די כּוחות אַרויס.

פלוצלונג — באַץ:

שלמהלע האָט א שליידער געטאָן זיין היטל. איך האָב מיר אין היטל פאַרפּלאָנטערט, איינגעוויקלט אין דעם, און מיט דעם אייף דער ערד אראָפּגעפאַלן... כאַפּט מען מיך און מען האַלט מיך פעסט, צאַפּל איך זיך און קאָן זיך ניט ארויסרייסן.

— דערשטיקן! — זאָגט שלמהלע.

מיר וועלן עס אין א שטייגעלע אריינזעצן — זאָגט חיימל.

זיי קוקן מיר ביידע גלייך אין די אויגן. איך ציטער און פלאַטער מיט די פליגעלעך און שלאָג מיך פון די כּוחות ארויס.

— נו, וואָס? — פרעגט שלמהלע.

— א רחמנות, — זאָגט חיימל.

— און דעם בית־המקדש פאַרוואָס האָט זי אונטערגעצונדן? — פרעגט ווידער שלמהלע און ער הייבט זיך אָן צו כּרייסלען מיט כּעס.

די האָסט דעם בית־המקדש פאַרברענט! דו האָסט פייער געטראָגן!

— א רחמנות; — זאָגט ווידער חיימל.

ער נעמט מיין שנעבעלע צו זיך אין מויל אריין און גיט מיר טרינקען.

— לאָמיר עס נאָר אריינטראָגן אין חדר, פרעגן דעם רבין. וואָס ער וועט הייסן, דאָס וועלן מיר טאָן.

קלעטערן זיי ביידע אראָפּ פון בוידים. מיך האַלטן זיי שטארק, איך זאָל נישט אנטלויפן.

— רבי, מיר האָבן געכאַפּט א שוועלבעלע! — שרייען זיי ביידע אויס, אריינ־קומענדיק אין חדר, — אויפן בוידים האָבן מיר עס געפּאַקט! אמת, די שוועלבעלעך האָבן דעם בית־המקדש פארברענט?

אלע קוקן אויף מיר און מיין הערצל צאפּלט זיך. איך בין דאָך גאָר אומ־שולדיק, איך האָב קיינמאָל קיין פייער אין שנעבעלע ניט געטראָגן, דעם בית־המקדש ניט אונטערגעצונדן.

— ניט איך, ניט איך, — וויל איך שרייען, און קען נישט ריידן. ציטער איך און פלאטער מיט די פליגעלעך. איך שלאָג מיך פון די כוחות ארויס, און דער רבי מיט די חברים לאַכן.

— ניט איך, ניט איך, — מאטער איך מיך און קען ניט זאָגן...

איך שטרענג די לעצטע כוחות אָן און...

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט —

— אָך, דו יונגאטש איינער! אינמיטן לערנען ווערט מען אַנטשלאָפן? — לאכט הויך דער רבי, און די חברים לאכן מיט.

— אינדערהיים שלאָפט מען און נישט אין חדר ביים לערנען!...

ווי איר זעט איז די מעשה נישט קיין אמת און נישט קיין ליגן: עס איז א נארישער חלום, וואָס האָט זיך מיר אמאָל געחלומט, ווען איך בין אין חדר אויפן חומש אנטשלאָפן געוואָרן, ווען דער רבי מיט די חברים האָבן מיך מיט זייער געלעכטער אויפגעוועקט.



יצחק קאצענעלענסאָן.

# דאָס פייגעלע.

שטייט אביימעלע אין וואלד
האָט דער בוים א צווייגל,
כאפּ איך דאָרט א פייגעלע,
זעץ זי אין א שטייגל. —

— „פייגעלע, דו פייגעלע,
קענסט מיר אֶפשֶר זאָגן,
וואָס זשע ליגסטו שטום אזוי,
און ביסט אזוי דערשלאָגן?"

ווארפט זי זיך דאָס פייגעלע,
ווארפט זי זיך און פלאטערט,
אמפערט מיט די פליגעלעך,
ביז זי ווערט פארמאטערט.

— „פייגעלע, איך שטעל פאר דיר
א טעפעלע צו קאָפּן,
מיט צוקער־וואסער זיס, איי זיס!"
— גיב מיר טוי א טראָפּן!...

— „ווילסט עסן—ברענג איך קערנער דיר,
קערנער אויפן מעסטל".
— ניין, כוויל נאָר איין קערנדל,
איינעם — אין מיין נעסטל...

— „שיין איז דאָך דיין שטייגעלע,
כ'וועל אים נאָך באגילטן".
— גיב בעסער מיר א צווייגעלע,
אין וועלדעלע, אין ווילדן.



# דריי קלוגע עצות.

א רייכער מאן האָט געשפּאצירט אין זיין גאָרטן און האָט דער־זען א פייגעלע, וועלכע האָט זיך פארפלאָנטערט אין נעץ. ער האָט באפרייט דאָס פייגעלע כון נעץ און גענומען עס אין האנד. פּלוצלונג האָט דאָס פייגעלע אָנגעהויבן צו ריידן צו אים אויף א מענטשליכן קול:

— לאָז מיך אָב, מענטש! שיין בין איך ניט, זינגען קען איך ניט און אויף צום עסן טויג איך אויך ניט. דו וועסט פון מיר קיין שום נוצן ניט האָבן. און ווען דו וועסט מיך באפרייען, וועל איך דיר דריי נוצליכע עצות געבן.

דער מענטש האָט איינגעשטימט, און דאָס פייגעלע האָט געזאָגט:

„ניט קימער זיך וועגן דעם, וואָס עס איז שוין פארביי";

„באגער ניט דאָס, וואָס דו קאָנסט ניט דערגרייכן";

„און גלויב ניט אין דעם, וואָס עס קאָן ניט זיין".

דעם מענטשן זענען געפעלן געוואָרן די עצות פונם פייגעלע און ער האָט עס אָפּגעלאָזן. דאָס פייגעלע איז ארויפגעפלויגן אויף דעם נאָענטסטן בוים און האָט זיך פריילעך פונאנדערגעלאכט.

„וואָס לאכסטו? — האָט דער מענטש געפרעגט.

— איך לאך פון דיר — האָט דאָס פייגעלע געענטפערט — ווען דו וואָלסט געווען קליגער, וואָלסטו געוואָרן דער רייכסטער מענטש אויף דער וועלט.

„ווי אזוי האָט דאָס געקאָנט ווערן?" — האָט דער מענטש פאר־וווּנדערט געפרעגט.

— גאנץ פּשוט, דו האָסט מיך געדארפט פארהאלטן און ניט פריילאָזן. זיי וויסן, שוטה, אז איך טראָג אין זיך א דימענט, די גרויס ווי א הינער־שע איי.

דער מענטש איז געשטאנען צומישט פאר פארדרוס. און ווען ער

איז א ביסל צו זיך געקומען, האָט ער אָנגעהויבן איינצושמועסן דאָס פייגעלע זיך צוריקצוקערן צו אים.

„טייערע פייגעלע! — האָט ער געזאָגט — דאָס גליק ליגט גאָרניט אין דער פרייהייט. באלד וועט קומען דער קאלטער ווינטער, און דו וועסט ערגעץ ניט געפינען קיין קערנדל, ניט קריגן קיין טראָפּן וואַסער. קום בעסער צו מיר, און דו וועסט פארברענגען די צייט אין וואַרימקייט און פארגעניגן".

דאָס פייגעלע האָט זיך נאָך שטארקער צולאכט און האָט געענטפערט:

— „דו האָסט מיך באפרייט פאר מיינע גוטע עצות, און האָסט זיי גלייך פארגעסן. דערמאָן זיך, וואָס איך האָב דיר געזאָגט: ערשטענס — קימער זיך ניט וועגן דעם, וואָס עס איז שוין פארביי. און דיר פארדריסט שוין, וואָס דו האָסט מיך אָבגעלאָזן. צווייטענס — ניט באגער דאָס, וואָס דו קאָנסט ניט דערגרייכן. אוז דו ווילסט, איך זאָל צוריקגיין צו קנעכטשאפט, צום טויט. ענדליך, — ניט גלויב אין דעם, וואָס עס קאָן ניט זיין. און דו, נארישער מענטש, האָסט מיר גלייך געגלויבט, אז איך טראָג אין זיך א דימענט די גרויס ווי א הינערשע איי, ווען איך איינגאנצן בין צוויי מאָל קלענער, פון אזא איי".

ביי די ווערטער האָט זיך דאָס פייגעלע אויפגעהויבן און אוועקגעפלויגן.

---

גלייכוואָרט: דאָס וואָס איז אוועק, קומט שוין ניט צוריק.





שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם

# שלאָף, מיין קינד.

שלאָף, מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שיינער,
שלאָף, מיין זונעניו!
שלאָף, מיין קרוין, מיין קדיש איינער,
ליולינקע ליו-ליו.

ביי דיין וויגל זיצט דיין מאמע,
זינגט א ליד און וויינט;
וועסט א מאָל פארשטיין מִסתָּמֶא,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אמעריקע דער טאטע
דיינער, זונעניו!
ביסט א קינד נאָך, שלאָף לעֵת-עַתָּה,
שלאָף-זשע, שלאָף, ליו-ליו.

דאָס אמעריקע פאר יעדן,
זאָגט מען, איז א גליק,
און פאר יידן א גַן־עֵדן, —
עפּעס אן אנטיק.

דאָרטן ווייסט מען פון קיין גָלות,

גזֵרות, זונעניו,
פון קיין צָרות, קיין יְלָלות
שלאָף־זשע, שלאָף, ליו־ליו.

דאָרטן, זאָגט מען, זיינען יידן,
קיין עַין־הָרע רייך;
יעדער לעבּט זיך דאָרטן צופרידן,
אלע זיינען גלייך.

דאָרטן עסט מען אין דער וואָכן
חַלָה, זונעניו!
יאיכלעך וועל איך דיר דאָרט קאָכן,
שלאָף־זשע, שלאָף, ליו־ליו.

נאָר דערווייל לאָמיר האָפן,
און וואָס קאָן מען טאָן?
כ׳וואָלט שוין לאנג צו אים געטראָפן,
ווייס איך ניט וווהין...

גאָט וועט הייסן, וועט ער שיקן
בריוועלעך, זונעניו!
גאָר אין גיכן אונז באגליקן,
שלאָף־זשע, שלאָף, ליו־ליו.

ער וועט שיקן צוואנציק דאָלער,
זיין פּאָרטרעט דערצו,
און וועט נעמען, לעבן זאָל ער,
אונז אהינצוצו.

ער וועט אלץ פון אונזערטוועגן
שאפן, זונעניו;
און וועט פאָרן אונז אקעגן,
שלאָף־זשע, שלאָף, ליו־ליו.

און וועט כאפן דיך צום קושן,
שוויגן אזש פון פרייד;
איך וועל קוואלן טרערן גיסן,
וויינען שטילערהייט.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטל,
דארף מען, זונעניו,
שלאָפן; ס'איז א טייער מיטל, —
ליולינקע, ליו־ליו.



אָפּאַטאָשו •

# לייבעלע מַזיק.



לייבקע, אַ יינגל פון אַ יאָר צען, מיט אַ פּאַר־שאַרצט נעזל, האָט פרימאָרגן אויפגעכאַפּט זיך אין אַ גרויסער קעלער־שטוב און זיך אַרומגעקוקט:

— ווידער מיר געלאָזט אַליין!

ער האָט זיך אַ זעץ אויף געטאָן, זיך אָנגע־בויגן און אַרונטערגערוקט אונטערן בעט.

— די שטיוול זוין פאַרשלאָסן! — האָט זיך לייבקע שטיל צעוויינט. אָן טרערן, בשעת־מַעשׂה אַריינגעלאָזט זיינע צען פינגער אין קעפּל האָר און זיך גענומען שיבערן.

יעדן פרייטאָג איז אַ מאַרק אין שטעטל. דעמאָלט שטייט דבורה אויף באַגינען, גייט אַרויס הינטערן שלאַגבוים, קויפט אויף ביי פויערים הינער, אייער און פאַרקויפט עס צווישן די רייכע באַלעבאָסטעס. פאַרן אַוועקגיין דאַנקט זי דעם רבוני־של עולם וואָס איר מַזיק שלאָפט, באַהאַלט אים די שטיוול אין קעמערל גייט אַרויס און פאַרשליסט די שטוב.

— ניין — האָט לייבקע געטראַכט — ס'זאָל מיר גיין אין לעבן בלייב איך דאָ ניט אַליין! אָפּגענאַרט גאָר!.. נעכטן בעט זי מיך — לייבקעלע, גיי שעכט מיר די עופות, וועל איך דיך מיטנעמען אויפן מאַרק. מער גלויב איך ניט! וואָס הייסט יעדן פרייטאָג וועט זי דאָס אַוועקגיין מסחרן און איך וועל איר היטן די שטוב! כ'שפּרינג באַלד אַרויס דורכן פענסטער אויף דער לאָנקע! כ'האָב ניט קיין שטיוול איז נאָך בעסער! כ'וועל קראַנק ווערן, דעמאָלט וועט זי שוין אַרומלויפן ווי אַ פאַר־כמטע, עפּענען די „קניפּלעך", שיקן נאָך אַ דאָקטאָר, ניט רופן מיך מער לייבקע מַזיק! ניין! זי וועט ציקומען אַזוי שטיל, אָפּשפּרעכן אַן עין־הָרע און זאָגן מיט אַ שמייכעלע — לייבקעלע אפשר אַ פאָמעראַנץ? נא פאַרזוך!...

ס'מויל ביי לייבקען איז פול געוואָרן מיט סלינע און ער האָט געשמייכלט.

באַלד האָט ער דערמאָנט זיך, אַז ער זיצט איינער אַליין אין בעט, שטאַרק אין כּעס געוואָרן, אָנגעקוועטשט די פֿויסטלעך און גענומען שליידערן אויפֿן דיל איין קישן נאָכן צווייטן.

ער האָט זיך גענומען אָנטאָן, געבליבן שטיין אויפֿן בעט און געקוקט דורכן פֿענסטער אויף די לאַנגע פֿעלדער באַדעקט מיט שניי. ס'האָט זיך אים געגלוסט אַרויסלויפֿן פֿינף האַלב פֿינסטערן קעלער צו די ייִנגלעך, וואָס האָבן געמאַכט אַ שניי־מענטש. ער איז מיד געוואָרן קיקנדיק, אַרויסגענומען אַ גראָשן און געמאַכט גראָשנס אויף דער פֿאַרפֿרוירענער שייב. אַ מחיה קראָען זיינען דורכגעפֿלויגן. לייבקע האָט זיך גענומען זיי איבערצוציילן, זיך טועה געווען און אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו די ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך געגליטשט אין ראָוו אַ ייִנגל האָט זיך אויסגעציינג ווי גרויס ער איז געווען. די חבֿרה אויף דעם גליטש האָבן אייסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. לייבקען האָט עס שטאַרק הנאה געטאָן און ער איז אונטערגעשפּרונגען פֿאַר פֿרייד. ס'האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט גליטשן ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט, אַרויסגענומען אַ האָלץ פֿון אונטער דער קיך, עס צעשפּאָלטן מיט אַ האַק־מעסער אויף צווייען, אָפּגעריסן פֿון דער מוטערס פֿאַרטיך אַ בענדל און צוגעבונדן דאָס האָלץ צו דער באָרוועסער פֿאָדעשווע.

ער האָט זיך אַ ריטש געטאָן איבער דער פֿאָדלאָגע און דאָס האָלץ איז אַרויסגעפֿאַלן.

— כ'וואָלט געגאַנגען אין שטיוול — האָט לייבקע אָפּגעזיפֿצט — וואָלט דאָס האָלץ ניט אַרויסגעפֿאַלן.

ער האָט דערזען די מוטערס אַלטע „כאָדאַקעס“, זיי אַרויסגענומען, אָנגעטאָן, אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס זיי זאָלן ניט אַראָפּפֿאַלן, גענומען דעם בעזעם צווישן די פֿיס און זיך געלאָזט גאַלאָפּ איבער דער שטוב רייטנדיק. ער איז דורכגעלאָפֿן עטלעכע מאָל, אַריבערגעשפּרונגען אַ פֿוס־בענקל און זיך אָפּגעשטעלט. ס'האָט אים געהונגערט. ער איז צוגעגאַנגען צום שפּייז־שענקל, זיך אָפּגעשניטן אַ פּליטש ברויט, באַשמירט מיט פּוטער און גענומען קייען. אין שענקל איז געשטאַנען אַ קאָשיקל מיט אייער. זיינע חבֿרים פֿלעגן אים דערציילן, אַז מע וויל האָבן אַ גוטע שטימע, מוז מען טרינקען רויע אייער. לייבקע האָט אַרויסגענומען אַן איי, עס צעקלאַפּט אין אַ גלאָז אַריין, לאַנג געמישט מיט אַ פֿינגער און עס אַ לעק געטאָן. ער האָט אייפֿגעציטערט, באַלד פֿאַרמאַכט די אויגן און מיט שרעק אויסגעטרונקען דאָס איי. זיין גאַנצער קערפּערל האָט זיך געטרייסלט ווי אַ הינטל, וואָס שפּרינגט אַרויס פֿון וואַסער. ער איז אַרויף אויף אַ שטול, אַראָפּגענומען דעם פֿאָטערס טלית־זאַק, געעפֿנט אַ גראָבן סידור און גענומען נאָכמאַכן דעם חזן.

אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בלעכענעם לעפל, יעדער ווײַלע אַ קלאַפּ געטאָן מיט איר אין טיש, איר צוגעלייגט צום אויער און זיך צעזונגען אויף זײַן קינדיש קוויטשיקער שטימע.

ס׳איז אים דעריכן געוואָרן. ער האָט אויסגעטאָן דעם טלית און זיך געוואָרפן אין די קליידער אין בעט אַרײַן. אינטערן אויוון האָט זיך צעקרייט אַ האָן און לייבקע האָט פאַרגעסן אָן אַלץ און איז אויפגעשפּרונגען.

אַ ייִנג הענדל מיט אַ ביסל טיקן קאַם איז געשטאַנען מיט צעשפּרייטע פליגל און זיך געגרייט אַרויסצוציִען אַ קריי. דאָס הענדל האָט אַויסגעצויגן דעם האַלדז, געעפנט דעם שנאָבל און געני[illegible]ען קרייען.

לייבקע האָט אַ קלאַפּ געטאָן דעם הענדל איבער די פליגל. דער קריי איז געוואָרן איבערגעריסן אין דאָס הענדל איז אַויעקגעשפּרונגען אָן אַ זייט מיט אַ שאָקלדיקן קאָפּ און מיט אַ האַלבן קריי אין גאַרגל. ער האָט געכאַפּט דאָס הענדל, עס געלאָזן באַטראַכט, צעשפּרייט די פליגל, געעפנט דעם שנאָבל אין זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אָן מאָטקע שוחט.

אָט שטייט מאָטקע אויפן לײדיקן פּלאַץ. אַרום אים שטיפן זיך ייִדלעך און ווײַבלעך מיט עופות. מאָטקע, אַ הויכער, מיט אַ ציגן בערדל, מיט פאַרוויינטע אויגן, פאַרקאַטשעט די פּאָלעס פון זײַן גלאַנציקן כאַלאַט אין גאַרטל אַרײַן. ער נעמט דעם חלף אין מויל אַרײַן, כאַפּט אַן עוף צווישן די פיס, פאַררייסט ס׳קעפּל צופּט אויס עטלעכע פעדערן און בלוט שפּריצט, רינט... עופות צאַפּלען זיך, לויפן מיט איבערגעשניטענע העלדזער, גלאָצן מיט די אויגן און בלוט שטראָמט דורכן האַלדז, דורכן שנאָבל...

לייבקע האָט געכאַפּט דאָס הענדל צווישן די פיס, פאַרריסן דאָס קעפּל, געוואָלט אויסצופּן עטלעכע פעדערן — אויפגעציטערט און עס אָפּגעלאָזט.

— ס׳וואָלט געווען אַ מצווה — האָט זיך לייבקע געטראַכט — צו שעכטן דאָס הענדל! נאַ, לאָז מיך נאָכאַמאָל ניט איבער אַליין אין שטוב! אַ שיינע ריינע כפּרה.

אין פּאַר זײַנע אויגן האָט געשוועבט דער שוחט מיטן חלף אין האַנט. מאָטקע האָט געשלעפּט דעם חלף. געשלייפט, אים אָפּגעגאָסן מיט וואַסער, אים געגלעט איבער זײַן הײלער, דאַרער האַנט, אים געפירט איבערן לאַנגן נאָגל...

אַ האָן איז געלאָפן מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז, געפאַלן, זיך איבערגעדרייט, געגלאָצט מיט די אויגן און ס׳בלוט האָט גערעדט, געקרעכצט — כליאָ כליאָ!...

לייבקע האָט אַרויסגענומען דאָס מעסער, עס אָנגעשאַרפט אָן אַ ציגל פון דער קיך, זיך אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, אַרײַנגעמאַכט די פּאָלעס פון זײַן כאַלאַטל,

גענומען דאָס מעסער צווישן די ציינער, געכאַפּט דאָס הענדל צווישן די פיס, פאַר־ריסן דאָס קעפּל און מיט אַ וווייטאָק אויפן פּנים גענומען צופּן די פעדערן. ווען ער האָט אויסגעצופּט אַ פעדער, האָט עס אים דורכגעשווידערט און זיין קליין פּנימל מיטן פאַרשאַרצטן נעזל האָט זיך אַ קרים געטאָן.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער גענומען פירן מיטן מעסער איבער דעם הענדלס האַלדז, געטראַכט, אַז ס'איז צו לייכט, האָט ער פאַרקוועטשט די ליפּן, פאַרזשמורעט די אויגן און אַ שטאַרקן קוועטש געטאָן מיטן מעסער. ס'האָט זיך באַוויזן אַ קראַץ, וואָס איז גלייך רויט געוואָרן און אַ שנירל בלוט האָט זיך אַרויס־געשלענגלט.

לייבקע האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס הענדל און זיך געטרייסלט ווי אין פיבער. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס הענדל צעשפּרייט די פליגל, שטעלט זיך אויף, ווערט גרעסער, וואַרפט זיך אויף אים, און דאָס בלוט רינט, שפּריצט...

לייבקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין בעט אַריין, זיך איבערגעדעקט מיט דער פּערינע איבערן קאָפּ און זיך צעוויינט:

— כ'בין ניט שולדיק! כ'האָב ניט געוואָלט! אַז זי לאָזט מיך איבער אַליין!

ער האָט געהערט דאָס צאַפּלען פון הענדל, דאָס קלאַפּן פון די פליגל. ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין דרייען און געלעגן אָן אָטעם.

לייבקע האָט געבעטן גאָט, ער זאָל שטאַרבן. ס'האָט זיך אים אַזוי שטאַרק געגלוסט שטאַרבן... לאָז די מאַמע אַהיים קומען און זען, אַז איבער איר איז ער געשטאָרבן... די מאַמע וועט מורא האָבן פאַרן טאַטן... אים נעמען וועקן, רייסן, דערנאָך וועט זי אַריינרופן די שכנטע לאהן... וועט אָנהויבן וויינען, רייסן זיך די האָר... אים קושן... און ער? — ער וועט האָבן נקמה:

— נאַ, וויין... האָסט מיך ניט געוואָלט מיטנעמען אויפן מאַרק... האָסט מיך שטענדיק געשלאָגן, נאַ, וויין! איצט וועל איך שוין ניט היטן דיין שטוב! נאַ, וויין...



מאני לייב.

# דער שלאָף.

איינס, צוויי, דריי פיר, —
קינדער קלאַפּן אין מיין טיר.

— קינדער גוטע, קומט אַריין,
וועט איר גוטע געסט דאָ זיין.

און ביי מיר אין קליינעם הויז
אין אַ רעדל זעצט זיך אויס.

זיצט און שווייגט און ביזקל סוף
הערט אַ מעשהלע פון שלאָף —

אַז דער ליבער טאָג פאַרגייט,
און אין מערב זייט ווערט רויט,

און די זון איז פייער פלאַם
שלאָפן גייט אין וויטן ים; —

דעמאָלט ערגעץ פון דער ערד,
ניט געזען און ניט געהערט,

קומט דער אָוונט שטיל אַרויס,
און גייט אום גאַס איין, גאַס אויס.

איז נאָר ווי און וווּ ער גייט,
ווערט אַ פינסטערניש פאַרשפּרייט.

און אַז קינדער גאָר נאָך קליין
שרעקן זיך צו זיין אַליין,

און מען זעט ניט, וואָס צו טאָן —
צינדט מען באַלד די לאָמפּן אָן.

לייכט אַ לאָמפּ אין יעדן הויז,
זעצן זיך די קינדער אויס

אַרום טיש און ריידן ניט.
עסן, טרינקען וואָס מע גיט.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיק טאַק נאָכאַנאַנד.

און אַז קינדער עסן נאָך —
מאַכט דער שלאָף דערווייל אַ לאָך

ערגעץ אונטער בעט אין דיל,
שאַרט פון לאָך זיך שטיל, שטיל,
שטיל.

זעט ער, קינדער עסן נאָך —
קריכט צוריק אַריין אין לאָך;

זעט ער קינדער עסן אָפּ,
עסן אָפּ און טרינקען אָפּ,

קריכט דער שלאָף פון לאָך אַרויס,
שאַרט זיך ביי די ווענט פון הויז,

קריכט אין שיין פון לאָמפּ אַריין,
רוימט פון שיין צו מאַמעס איין:

„האָט איר קינדער קליין און שיין,
איז שוין צייט זיי שלאָפן גיין".

זעען מאַמעס, אַז ס'איז שפּעט,
נעמט מען אויסבעטן דאָס בעט.

און די קינדער גוט און פיין
לייגן זיך אין בעט אַריין.

מאַכן זיי די אייגלעך צו
שלאָפן איין אין גוטער רו.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיקטאַק נאָכאַנאַנד.

און אַז קינדער שלאָפן איין,
קריכט דער שלאָף צוריק אַריין

אונטער בעט אין לאָך פון דיל,
און ער ליגט דאָרט שטיל, שטיל,
שטיל.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיקטאַק נאָכאַנאַנד.

ליגט דער שלאָף אין לאָך אַזוי,
ליגט אַ שעה און ליגט זיך צוויי,

און אַז מאַמעס ווערן מיד, —
גייען אום מיט מידע טריט,

האָבן אַלץ שוין אָפּגעטאָן —
און די האַלבע נאַכט קומט אָן —

און אין פענסטער מיט איר שיין
די לבנה קוקט אַריין —

קריכט דער שלאָף פון לאָך אַרויס,
שאַרט זיך ביי די ווענט פון הויז,

קריכט אין שיין פון לאָמפּ אַריין.
רוימט פון שיין צו מאַמעס איין:

„דאַרפט איר מאָרגן אויפשטיין,
צייט שוין איצטער שלאָפן גיין"

זעען מאַמעס, אַז ס'איז שפּעט,
לייגן זיך אַריין אין בעט,

לעשן זיי די לאָמפּן אויס,
און אַז פינסטער ווערט אין הויז,

מאַכן זיי די אויגן צו,
שלאָפן איין אין גוטער רו.

און אַז מאַמעס שלאָפן איין —
קריכט דער שלאָף צוריק אַריין

אונטער בעט אין לאָך פון דיל,
און ער ליגט דאָרט שטיל, שטיל,
שטיל.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיקטאַק נאָכאַנאַנד.

און אין פענסטער מיט איר שיין
די לבנה קוקט אַריין.

און מיין מעשהלע פון שלאָף
איז שוין איצטער ביי איר סוף.



# מאָטעלע.

צוזאמען האָבן מיר מיט מאָטעלען געלערנט ביי ר' יוחָנָן דעם דַרדקער.

פון קינדהייט אָן איז ער געווען א טרויעריקער, שטענדיק געווען פארחושט, פארקלערט. ער פלעגט זיך אָפט אָפּשטעלן און קוקן פאר־טראכט. ער קוקט, און ווייס אליין נישט וואָס. ער הערט מיט אָפענע אויערן, און וואָס, ווען? ער אליין ווייס נישט.

געזעסן זיינען מיר, קינדער, ביים טיש, אין חֵדֶר, און מיר האָבן געלערנט.

דער רֶבי איז געשטאנען פאר אונז און אכטונג געגעבן, אז מע זאָל פון דער גמָרָא נישט ארויסקוקן.

— מאָטעלע, — פרעגט דער רֶבי פלוצלונג אין מיטן לערנען — מאָטעלע, וואו האלסטו?

מאָטעלע, אזוי ווי ער וואָלט זיך פון שלאָף אויפגעכאפּט, רופט אויס מיט בליצנדיקע אויגן פאר פרייד, ווייזנדיק צום הימל:

„פייגעלעך פליען, א חַתונָה... די צו צוויי, וואָס פליען פאָרויס, זיינען חָתָן־כַּלָה, די איבעריקע אוואדאי קלעזמאָרים"...

צווישן אונז, קינדער, ווערט א גרויס געלעכטער. מיר לערנען: צוויי קריגן זיך איבער א טַלית, און ער דערציילט א מַעשׂה פון פיי-געלעך, וואָס מאכן א חַתונה.

מאָטעלע פלעגט זיך אָפטמאָל ארויסגַנבענען פון חֵדר און פאר-קריכן אויף א גאנצן טאָג אין וועלדל אריין וואָס שטייט אונטער דעם שטעטל. ער גייט ארום צווישן די ביימער און רעדט מיט זיך אליין, ער זעצט זיך אויף א בערגל, וואָס שטייט נאָענט ביים וואסער, און קוקט אין וואסער אריין. ער קוקט אויפן הימל און זעט ווי די ווייכע וואָלקנס ציען זיך. ער פארלאנגט עפעס, ער בעט עפעס פון די גרויע הימלען און ער ווערט שטארק טרויעריק.

אַלע פארנאכט, ווען די זון גייט אונטער, פלעגט ער שטיין און גלאָצן מיט די אויגן, ווייזנדיק אהין מיטן פינגער צו מַערב זייט.

„ווי שיין איז דאָרט! ווי שיין איז דאָרט!" — פלעגט ער אויסרופן צו די פארבייגייענדיקע.

און ביינאכט, ווען ער פלעגט זען די לבָנה שיינען, האָט ער ביי זיך געהאט אן איינריידעניש, אז די לבָנה שפילט מיט אים און באַ-העלטעניש. זי גַנבעט זיך ארונטער אונטער א וואָלקן און באהאלט זיך פאר אים — זי פארשטעלט זיך פאר אים, אז ער זאָל זי נישט געפינען. אָט שפאלט זי דורך דעם וואָלקן און ווינקט צו אים, אָט נעמט זי א שטערן און ווארפט אים — און ער עפנט אויף די האנט, ווי ער וואָלט אים וועלן כאפּן...



מאַני לייב.

# יינגעל ציגנל כוואַט

כ'האָב אַ מַעשֶׂהלע אַ שיינע,
פאַר די קינדער מיינע קליינע.
זייט זשע, קינדער, שטיל און שאַ,
ס'איז מייַן מעשהלע אַזאַ:

ערגעץ ווייט, ווייט, ווייט פון דאנען,
צוצוקומען ניט מיט באנען,
ניט מיט שיפן, ניט מיט פערד —
ערגעץ אויף אַ ווייטער ערד

האָט אַ טאָל זיך דאָרט געפונען.
און אין טאָל איז דורכגערונען,
ווי אַ שנירל ווייט און גלייך,
ווייט און גלייך, אַ קליינער טייַך.

און ביים טייך פון ביידע ברעגן,
זייַנען שטיבער פול געלעגן,
שטיבער, גאסן און אַ מארק,
און ביים זייט פון מארק אַ בארג.

און די גוים און די יידן
האָבן דאָרט געלעבט צופרידן.
ווער אין פרייד און ווער אין נויט,
יעדער האָט געהאט זיין ברויט.

האָט זיך איינמאָל דאָרט געטראָפן,
אַז דער זומער איז אנטלאָפן.
נו, איז וואָס איז דאָ דער שרעק,
אַז דער זומער לויפט אוועק?

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
קומט דער ווינטער און באשפינט ער,
שטיבער, בארג און מארק און פלייט
אין אַ שנייייק-ווייסן קלייד.

ווייס און ליכטיק אַ פארשנייטער,
און אַ ווייטער און אַ ברייטער,
שטייט אַזוי דער ווייטער וועג
ביז די לינדע פּסח־טעג.

גוים קומען זיך צו פאָרן,
פירן פולע שליטנס קאָרן,
געגנז און האָלץ, און שטרוי און היי,
אָנגעלאָדן אָט אַזוי.

חֶברה לויפן אויף די גליטשן,
מאכן קונצן, הילכן, קוויטשען,
און דער אייז איז בלוי און ווייך,
ווי דער הימל אין דער הייך.

שקָצים אין די גרויסע היטלעך
פליען בארג אראָפּ אויף שליטלעך
מיט א פייף און א געשריי,
קוליע' קוליע — און אין שניי!

יינגלעך ראַיען זיך און שלעפּן,
קייקלען קלעצער שניי און קלעפּן
פעטער שנייערס גוט און ווייל,
מיט א נאָז און מיט א מויל.

שטייט א יינגל ביי דעם טויער,
רייבט דעם אויער: פעטער
שנייער,
זאָלסט אזוי ביז פּסח שטיין,
ביז מען דארף אין חדר גיין.

אָבער דאָ איז פאָרגעקומען,
אז דער ווינטער איז געקומען,
נאס און פינסטער, ווי א גרוב,
כאָטש ניט גיי ארויס פון שטוב.

און א רעגן האָט געגאָסן
ניט ווי ווינטער, נאָר ווי אָסיען,
און קיין שניי איז ניט צו זען,
ווייל קיין שניי איז ניט געווען.

בלאָטיק איז אין מארק געוואָרן,
ניט צו גיין און ניט צו פאָרן;
גיין און פאָרן — ווו און ווי,
זא ס'איז בלאָטע ביז די קני!

ווערט א גוי אין מארק פארטראָגן
בלייבט אין בלאָטע שטיין זיין
וואָגן
שעלט דער גוי, זיין בייטשל קנאַלט
שלעפּט דאָס פערדל, ביז עס פאלט

פאָרט ארום א בעל־עגלה,
וויאָקעט, נאָקעט — מיט א קללה
צי מיט גוטן: פערדלעך, פאָרט!
און די פערדלעך, ניט פון אָרט!

און די ייגלעך, ווי דער סדר
לערנען ווינטער שפּעט אין חדר;
האָבן זיך געשראָקן שטארק
גיין אין בלאָטע דורכן מארק.

האָבן מענטשן פיל געטרויערט,
וואָס די בלאָטע לאנג געדויערט,
וואָס קיין שניי איז ניט צו זען;
און קיין שניי איז ניט געווען.

און די יינגלעך פון דעם חדר,
יעדער יינגל טוט א נדר:
שניי געטרייער, קום שוין, קום!
איך וועל ווערן גוט און פרום.

קויפט קיין יינגל ניט קיין בייגל,
קויפן פליט ער, ווי א פויגל
א לאמטערן פון פּאַפּיר,
רויט און לויטערן קאָליר.

נו, איז דאָרט געווען א ייִנגל,
האָט מען אים גערופן צינגל,
צינגל כוואט—און צינגל כוואט
האָט קיין מורא ניט געהאט:

ער פלעגט לאכן: א לאמטערן!
כ'האָב קיין מורא ניט פאר בערן,
וועל איך מורא האָבן גיין
דורכן מארק ביינאכט אליין?

און אין אָוונט, ווי דער שטייגער,
קוקט דער רבי אויפן זייגער
און ער זאָגט ארויסעט קוים:
— קינדער, נו, שוין צייט א היים! —

ווערט א טומל, טויב צו ווערן:
— בערל־רעדל, מיין לאמטערן!
— גיב מיר פייער, קאָפּל־האָן,
צינד מיר מיין לאמטערן אָן!

לאָזן ייִנגלעך זיך צוזאמען.
די לאמטערנעס רויטע פלאמען.
פינסטער לייכטן זיי דעם וועג,
און זיי ציטערן פון שרעק.

פלוצלונג טוט א פרעג א ייִנגל:
— קינדער, ווו איז איצטער
צינגל?
צינגל דאָרט און צינגל דאָ.
צינגל איז מיט זיי ניטאָ.

קוקן זיי אין אלע זייטן —
פלוצלונג זעען זיי פון ווייטן:
צינגל טוט א פאל, א כליאַפּ,
און אין בלאָטע ביזן קאָפּ!

ווערט א ליארעם, שרייט א ייִנגל:
— ווארט אויף מיר א רגע, צינגל!
און צו צינגלען צו צוגיין
שרעקט דאָס ייִנגל זיך אליין.

צינגל שטייט אין בלאָטע פריילעך
און צעזינגט זיך פריילעך: הולך!
ווארפט זיך, דרייט זיך, ציט זיך
אויס,
קאָן פון בלאָטע ניט ארויס.

ווערט א יאָמער: צינגל, צינגל!
אָבער יעדער חדר־ייִנגל,
האָט ער אָפּגעלערנט קוים,
דארף ער קומען באלד אהיים.

בלייבט אין בלאָטע צינגל שטעקן.
אָבער צינגל וועט זיך שרעקן?!
צינגל קלערט צו זיך אליין:
— כ'וועל אזוי ביז מאָרגן שטיין.

כ'וועל אזוי אין בלאָטע שלאָפן...
אָבער דאָ האָט זיך געטראָפן:
דורכן מארק א פּריץ רייט.
זעט ער צינגלען פון דער ווייט.

לאָזט דער פּריץ זיך פון ווייטן
אויף זיין גוטן פערד צו רייטן —
און פאר צינגלען — איינס, צוויי,
דריי,
שלעפּ — און צינגל איז שוין
פריי

און דער פּריץ איז א גוטער,
טוליעט צינגלען אין זיין פּוטער,
אָבער צינגל זיצט און ברענט —
רייסט זיך פון דעם פּריצס הענט.

און דער פּריץ קנייטשט זיין
שטערן:
— ווי, דו האָסט ניט קיין
לאמטערן?
גייסט אזוי אליין ביינאכט?
האָט זיך צינגל הויך צעלאכט:

— א לאמטערן׳ א לאמטערן!
כ׳האָב קיין מורא ניט פאר בערן׳
וועל איך מורא האָבן גיין
דורכן מארק ביינאכט אליין?

לאכט דער פּריץ: סארא יינגל!
— זאָג מיר ווי מען רופט דיך?
צינגל
האָט קיין מורא ניט געהאט
און ער ענטפערט: צינגל
כוואט!

איז דעם פּריץ שטארק גע-
פעלן
וואס א יינגל זאָל זיך שטעלן
פאר א פּריץ איינס און צוויי;
און דער פּריץ זאָגט אזוי:

— כ׳בין שוין גרוי און אלט
געוואָרן,
בין א וועלט שוין אויסגעפאָרן,
און א יינגל אזא ברען
האָב איך ערגעץ ניט געזען.

און אז דו זאָלסט מיך גע-
דענקען,
וויל איך אזא זאך דיר שענקען,
וואָס די וועלט האָט ניט גע-
האט.
שווייג און הער־זשע, צינגל
כוואט.

כ׳האָב דעם פערד, ער קאָסט מיר
טייער,
ער איז לויטער פלאם און פייער.
פליען פליט ער ווי א פייל,
אין א רגע דרייצן מייל.

און איך האָב א כּישוף־רינגל,
אזא רינגל פאר א יינגל;
טוסט אים זיבן מאָל א דריי,
און עס הויבט אָן גיין א שניי.

און דו קאָנסט אַליין זיך
שטעלן,
וועלכע זאַך איז דיר געפעלן:
צי דאָס רינגל, צי דאָס פערד —
אָבער ניט קיין סך געקלערט!

צינדט זיך אָן אין גאַנצן צינגל:
— פערד צי רינגל, פערד צי
רינגל?
און ער ענטפערט, ניט געקלערט:
— כ'וויל דאָס רינגל מיט דעם
פערד!

לאַכט דער פריץ: סאַראַ ייִנגל
ביסטו צינגל... — און דאָס רינגל
גיט דער פריץ צינגלען אָפּ,
און ער שפרינגט פון פערד אַראָפּ.

און גיט צינגלען אָפּ די לייצע
און פאַטשט צינגלען אָן זיין
פלייצע.
צינגל קוקט: אָט־אָטאָ־טאָ,
און דער פריץ איז ניטאָ.

זשמורעט צינגל צו די אויגן,
וויאָ! און לאָזט זיך פייל פון
בויגן
מיטן רינגל דורכן מארק,
דורכן מארק און אויפן בארג!

טפּרו! דאָס פערד בלייבט שטיין,
און צינגל
טוט אַ נעם דעם כישוף־רינגל,
טוט אים זיבן מאָל אַ דריי,
און עס הויבט אָן גיין אַ שניי.

זוכט די מאמע: צינגל, צינגל...
רעדט זיך אויס אַ פלוידער־
ייִנגל
אַז אין בלאָטע צינגל שטעקט,
אין דער שניי האָט אים פאַר־
דעקט.

נעמט די מאמע וויינען, קלאָגן,
נאָר די קלוגע מענטשן זאָגן:
לאָזט מען זיך אזוי ניט גיין
דורכן מארק ביינאַכט אַליין!

אָבער אזא כוואַט ווי צינגל,
און מיט אזא כישוף־רינגל,
און מיט אזא גוטן פערד —
און ס'איז קיילעכדיק די
ערד —

פליט מען גיכער, פריי און זיכער,
ווי דער ווילדער ווינט און וויכער,
טאָל און בארג און וואַלד און
פעלד
אין דער ברייטער, ווייטער וועלט.

איז זיך צינגל פייל פון בויגן
אויפן פערד אוועקגעפלויגן,
ווייטער, ווייטער פון דער היים,
ערגעץ אין דער נאכט, אין רוים,

ווייזט זיך צינגל פייל פון בויגן,
פון דער נאכט ארויסגעפלויגן;
ניט געזען און ניט געהערט,
אויפן פּריצס גוטן פערד.

אָבער ווען פון ווייטע וועגן
קומט דער ווינטער אָן מיט רעגן.
און קיין שניי איז ניט צו זען,
ווי קיין שניי וואָלט ניט געווען –

און ער טראָגט זיך גיכער, גיכער,
ווי דער ווילדער ווינט און וויכער
מיטן רינגל דורכן בארג,
דורכן מארק און אויפן בארג.

טפּרו! דאָס פערד בלייבט שטיין, און צינגל
טוט א נעם דעם כּישוף־רינגל,
טוט אים זיבן מאָל א דריי,
און עס פאלט ארויס א שניי.



# מ אָ נ ט אָ ג.

מאָנטאָג אינדערפרי האָט זיך טאָם שטענדיק געפילט אומגליקלעך, ווייל פון דעם טאָג הויבט זיך דאָך אָן די נייע וואָך, ווען מ׳מוז ווידער אָנהייבן צו גיין אין שול. און צו דער שול האָט טאָם געהאט זייער א קליינעם חשק...

טאָמען איז אפילו נישט איינגעגאנגען דער זונטאָג, ווארום נאָך יום־טוב איז נאָך שווערער זיך איינצושפאנען אין יאָך.

ס׳איז מאָנטאָג אינדערפרי. טאָם האָט זיך נאָר־וואָס אויפגעכאפט.

— „ס׳וואָלט זייער גוט געווען איצט מיטאמאָל קראנק ווערן! — טראכט ער זיך — דאן וואָלט איך פארבליבן אינדערהיים״! און ער הייבט אָן זיך צו שפירן. אָבער ס׳טוט אים קיינזאך ניט וויי. ער באַטראכט זיך נאָכאמאָל: — עפּעס אזוי ווי א שניידונג אין בויך. ער דערפרייט זיך. די שניידונג גייט אָבער באלד איבער און טאָם נעמט ווידער טראכטן. פלוצלונג — סאר א גליק! דער אייבערשטער צאָן שאָקלט זיך. טאָם וויל שוין אָנהייבן צו שרייען. אָבער דאָ באטראכט ער זיך, אז, ווען ער זאָל אָנווייזן אויפן צאָן, קען נאָך די מומע פּאָלי דעם צאָן ארויסרייסן. און פארן ארויסרייסן א צאָן האָט ער זייער מורא — ס׳טוט דאָך זייער וויי!

און עס בלייבט ביי אים — לאָזן דעם צאָן אויפן לעצטן פאל און דערווייל זוכן עפּעס אן אנדער מחלה.

ס׳איז שווער, זייער שווער צוצוטראכטן, נאָר ביסלעכווייז נעמט ער זיך דערמאָנען, אז אמאָל האָט דער דאָקטאָר דערציילט א געשיכטע

וועגן איינעם א קראנקן, וואָס איז צוליב א פינגער געלעגן איבער דריי וואָכן אין בעט.

טאָם שטעקט האסטיק ארויס פון אונטער דער דעקע דעם פינגער, וואָס א שווארצער זשוק האָט אים נעכטן איינגעביסן. און נעמט אים באטראכטן. איין צָרָה נאָר — ער ווייסט ניט, וואָס פאר א סמָנים מ׳דארף האָבן צום קראנקן פינגער. ער וועט פרוּוון. אֶפשר וועט זיך איינגעבן.

און ער הייבט אָן צו קרעכצן.

דער ברודער סיד, וואָס שלאָפט מיט טאָמען צוזאמען, הערט אָבער ווייזט אויס, ניט די קרעכצן: טאָם שטרענגט זיך אָן און קרעכצט שטארקער. און ס׳נעמט זיך אים דאכטן, אז דער פינגער הייבט טאַקע אָן וויי צו טאָן. סיד רירט זיך נאָך אַלץ ניט.

טאָם ווערט מיד פון אָנשטרענגונג. ער רוט זיך אביסל אָפּ און נעמט זיך ווידער צו דער ארבעט:

ער מאכט דאָס אזוי קונציק, ווי אן אֶמֶתער חולֶה;

סיד ליגט אַלץ און כראָפּעט.

טאָמען כאפּט אָן א כעס. ער הייבט אָן צו שרייען און צו טרייס- לען דעם ברודער: סיד! סיד! סיד!...

דאָס העלפט. סיד כאפּט זיך אויף, גענעצט זיך אויס, הייבט זיך אויף און קוקט אָן טאָמען.

סיד פרעגט ביי אים: — וואָס איז דיר, טאָם? טאָם ענטפערט ניט

— טאָם, הער נאָר. טאָם! וואָס איז דיר? — פרעגט איבער סיד און קוקט מיט שרעק דעם ברודער אין פנים אריין.

טאָם האָט שוין אָבער קיין כּוח ניט. קוים וואָס ער קרעכצעט.

— לאָז מיר, סיד! לאָז! ס׳איז מיר שלעכט!

— וואָס איז דיר, טאָם? איך וועל ארייַנרופן די מומען!...

— מ׳דארף ניט... ס׳וועט איבערגיין... רוף ניט...

— וואָס איז דיר, טאָם? הער אויף צו קרעכצן, איך האָב מורא. זאָג, וואָס טוט דיר וויי!

— רייד ניט, סיד. איך קען ניט! — אָך!

— פארוואָס האָסטו מיר פריער ניט אויפגעוועקט! הער אויף, טאָם! ס'איז שרעקלעך! זאָג, וואָס טוט דיר ווי?

איך בין דיר מוחל, סיד... (א קרעכץ) פאר אלץ, וואָס דו האָסט מיר געטאָן... אז איך וועל שוין ניט זיין...

— טאָם, טאָם! וואָס איז דאָס, דו שטארבסט?...

— איך בין אלעמען מוחל, סיד... (א קרעכץ) זאָג זיי דאָס און געדענק: מיין רעמעלע און מיין קעצעלע גיב אוועק דאָס מיידעלע, וואָס איז ניט לאנג אהער געקומען צופאָרן, און זאָג איר...

סיד האָט ארויפגעכאפּט אויף זיך א בגד און איז ארויסגעלאָפן.

איצט האָט זיך שוין טאָם אזוי צוגעוויינט צו זיין ראָל, אז דער קרעכץ איז אויסגעקומען אזוי ווי נאטירלעך.

סיד איז אראָפּגעלאָפן צו דער מומען און האָט אויסגעשריען:

— מומע! גיכער! טאָם שטארבט אוועק!

— שטארבט אוועק?

— יאָ, גיכער! קומט ארויף!

— נארישקייטן, ער וועט נישט שטארבן! — האָט זי געזאָגט. פונדעסטוועגן האָט זי זיך גלייך געלאָזט לויפן צו טאָמען. סיד און די שוועסטער מערי זיינען איר נאָכגעגאנגען.

די מומע איז געוואָרן בלאס. די ליפן האָבן ביי איר געציטערט

— טאָם, וואָס איז דיר? — האָט זי קוים ארויסגערעדט..

— אָי, מומע, איך...

— זאָג, וואָס איז, וואָס איז דיר, מיין קינד!

— מומע, דער פינגער... א גאַנגרענע!...

די מומע האָט זיך אראָפּגעלאָזן אויפן שטול און גענומען לאכן דערנאָך וויינען און נאָכדעם ביידע זאכן צוזאמען.

— אָ, טאָם, ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן!... נו, גענוג ווי צו מאכן זיך נאריש! שטיי אויף!

די קרעכצן האָבן אויפגעהערט און דער פינגער האָט שוין מער ניט וויי געטאָן.

דאָס יינגל האָט זיך אביסל פארשעמט און געזאָגט:

— מומע, ס'האָט זיך מיר געדאכט, אז איך האָב אַ גאַנגרענע, ס'האָט אזוי געשטאָכן, אז איך האָב גאָר פארגעסן אָן צאָן.

— דער צאָן? וואָס איז מיט דיין צאָן?

— ער שאָקלט זיך און טוט שרעקלעך וויי...

— ווייז אַ קוק טאָן, עפן אויף דעם מויל, אָבער הער אויף צו קרעכצן!... יאָ, דער צאָן שאָקלט זיך טאקע, דערפון וועסטו אָבער ניט שטארבן... מערי, דערלאנג מיר אַ פאָדעם און ברענג אַ האָלעוועשקע פון קיך.

— מומינקע, — האָט זיך טאָם אָנגעהויבן צו בעטן: זעט, רייסט אים ניט ארויס, אָט האָט ער שוין אויפגעהערט וויי צו טאָן, איך וועל שוין מער ניט דערציילן אייך, אז ער וועט אפילו וויי טאָן. זעט, טשעפעט אים ניט. איך וועל גאָרניט פארבלייבן אין דערהיים. איך גיי, איך גיי אין שול!...

א—א—א! דו ווילסט שוין ניט? דעם גאנצן טומל האָסטו דאָס געמאכט, כדי צו פארבלייבן אין דערהיים, ניט צו גיין אין שול!... אי טאָם, איך האָב דיך אזוי ליב, און דו פֿסדר דו זוכסט מיטלען מיר אָנצומאכן עגמת נפש!

דערווייל האָט מען צוגעגרייט די געציינג אויף ארויסצונעמען דעם צאָן.

די אלטע האָט ארומגעדרייט איין ברעג פון דעם פאָדעם ארום דעם צאָן און דעם צווייטן צוגעבונדן אָן בעט. דערנאָך האָט זי גע-נומען די ברענעדיקע האלעוועשקע און ארייגערוקט דעם יינגל אין פנים אריין. אין אַ ווײַלע ארום איז שוין דער צאָן געהאנגען אויפן פאָדעם.





## הערשעלע.

### א.

אין שטוב האָט הערשעלע זיך איינגעהאַלטן, קיין פּאַרע זאָל מען פון אים נישט הערן. אָבער אין דרויסן איז ארויס פריי אַלצדינג, וואָס אינעווייניק אין אים האָט זיך געשטיקט. דאָרט איז ער געווען אַפּייער, אַ שפּירט, איין קונדס אין דער וועלט.
ער האָט זיך איבערגעשלאָגן מיט אַלע יינגלעך אין ארויסגעוויזן זיין גרויס בְּרִיָהשאַפט. אין שטיינער וואַרפן, כאַפּן אַ ציג פאַר די הערנער און זעצן זיך אויף איר רייטנדיק, אָננעמען פּלוצים דעם צאַפּ פאַר דער באָרד און אויסרייסן אים אַ פולן הויפן האָר, שטעכן חתן-כלה אונטער דער חופּה מיט שפּילקעס, נאָכלויפן אַ משוגענעם אויף דער גאַס, אונטערכאַפּן זיך אונטער אַ וואָגן, בשעת ער פאָרט געשווינד, — דערצו איז ער געווען אַ בְּרִיָה טאַקע. ווייסע-חברה האָט דעריבער פון אים שטאַרק געהאַלטן און אים מְכַבֵּד געווען מיט כֹּהן איז אַלע קונדייסקע זאַכן. אין די מלחמות צווישן די קונדייסים איז ער געווען דער גענעראַל, מיט עפּעס אַ פאַפּירן שאַרמיצל פון אַ בְּשָׂמִים-קרעמל אויפן קאָפּ, אַרומגעשטעקט מיט פעדערן. די גבורה און דאָס גאַנצע גרויסקייט זיינס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהייסן איטלעכן מקיים-פּסק זיין, גלאַט אַזוי זיך פון זיין כבוד וועגן, און אַז דער גענעראַל, הערשעלע לייזער יענקלס, האָט באַפוילן — איז מחויב געווען איטלעכער, פון דעם קלענסטן ביז דעם גרעסטן, באַלד צו פאָלגן.
בשעת פרידן, נישט קיין מלחמה-צייט, פלעגט אונזער הערשעלע מיט דעם גאַנצן פעקל יינגלעך זיך אָפּגעבן מיט אַנדערע געשעפטן, און געשעפטן זענען געווען זייער פיל, בָּרוּך-הַשֵּׁם, אין איטלעכער צייט.

זומער בייטאָג פלעגט ער פירן ווייסע-חברה באָדן זיך אין טייך וווּ שטאָט-חזירים זיינען געלעגן איינגעזונקען טיף ביז איבער די אויערן, ארויסשטעקנדיק נאָר דאָס פּיסקל. דער גאנג אהין איז געווען לעבעדיק-רעשיק, טאקע ווי מע זאָגט, בעגראנדע, נישט אויסגעלאָזן איין זאך אויפן וועג, מען זאָל עס נישט באַרירן. יונגע גענזלעך צעלויפן זיך, אונטערפליענדיק אביסל מיט די קליינע פליגעלעך; דער גאַנער סאָפּעט, סנאָרעט מיט די נאָזלעכער, אויסקרימענדיק דעם האלז ווי א שלשלת; דאָס קעלבל דאָרט איז זיך מטריח אויפצושטיין פונם גראָז, שטעלט אויס א פּאָר אויגן, רוקט זיך אויף עטלעכע טריט אָפּ, ווארפנדיק מיטן קאָפּ און אָנבויגנדיק דעם שטערן צו דער ערד, פּארדרייסט דערנאָך דעם וויידל און אוועק, אוועק... חברה שפּיליעט זיך אָפּ, קנעפּלט זיך אָפּ נאָך גייענדיק, אין איילעניש, אזוי, אז קומענדיק צום ברעג טייך, פאלט פון איטלעכן דאָס אָנטאָן פלוצים אראָפּ — און פּוץ אין וואסער אריין, בול-בול-בול!

צווישן מנחה און מעריב איז ווייסע חברה זיך צונויפגעקומען אויפן יריד אין בית-מדרש, אין פּאָלעש דאָרט, איטלעכער מיט זיין סחורה און מען האָט געהאנדלט געשמאַק. איינער בייט א קרומען, אלטן טשוואָק אויף א מעשענעם קנאָפּ אָן אן אויערל, דער אנדערער טוט א ווייז א ניסל, א סווישטש און עס גפינען זיך דערויף צוויי שטארקע קונים. יענער מיט א גרינער פּאטשערקע איז פּארטיפט אין עסק מיט דעם חבר, וואָס בארימט זיך מיט זיין נאָדל-טעשל און א צינערן אויער-לעפעלע. הערשעלע אונזערער איז דאָס געווען דער שאצער און געכאפּט פון אויבן פּאר זיין מי. געוויינלעך, לאָזט זיך דער יריד אויס מיט א קריג: קיינער איז ניט צופרידן, איטלעכער טענהט, ער האָט זיך ביאוס אָפּגענארט, עס האלט שוין ביים פּאטשן זיך. עפּעס א קונדס מיט א פריש גענזן גערגעלע טרומייטערט-צו. א טאראראם, א געפילדער ביז דער שמש לויפט אין איין כּעס ארויס מיט א היק:

שקצים!

און חברה צעלויפט זיך, ווי די מייז, איטלעכער אין זיין ווינקעלע. חנוכּה-צייט האָט געפלאקערט דאָס געשעפט מיט דריידלעך,

פורים — מיט מאטעריאַל אויף המן־קלעפּלעך, שבועות־צייט — מיט אויסגעבלאָזענע אייער, צו מאַכן פייגעלעך. הכלל, איטליכער יום־טוב מיט זיין מין סחורה.

ב

קוים וואָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג, איז ער געשווינט אויפגעשטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און געלאָפן אין בית־מדרש, אין דער גיך אָפּדאַווענען. אויסער דעם, האָט ער טאַקע נאָך געהאַט עטלעכע נויטיקע געשעפטלעך. וועלכע ער האָט באַדאַרפט מיט זיינע חברים דאָרט אָפּאַרבעטן. די חברים זיינען אויך איצט באַצייטנס געקומען אין בית־מדרש אַריין, ווייל דער חודש אלול, ווי איטלעכן איז באַקאַנט, איז איבערהויפּט א צייט, ווען פאַר יינגלעך שטעלט זיך דער גרויסער יריד. און אַבי געזונט, מיט אַרבעט האָט מען ניט צו זאָרגן. געשעפטן זיינען, ברוך־השם, דאָ איבערן קאָפּ. מען באַדאַרף דערטאַפּן מיט קונצן דעם שופר און זיך פּרוּוון בלאָזן הינטערווייַלעכץ דאָרט אין דער ווייבער־שול; דערביי מוז מען פירן די תכסיסי מלחמה מיט דעם שמש, וואָס ער איז דענסטמאָל דערצאָרנט און בייז ווי צען רוחות. אויך באַדאַרף מען זיין אויפן הייליקן אָרט, אויפן פעלד, ס'איז דאָך דאָרטן עפּעס דאָ א בוים מיט כל־נידרי־באַרלעך. היינט איז דאָך אויף דער וועלט עפּעס אויך דאָ א וועלדל מיט ניס־ביימער, ערעט צייטיק געוואָרענע. מען מוז רייסן, אָנשטאָפּן פולע פלודערן... געלויבט איז גאָט, וואָס אונטער אַזאַ צייט מיט אַזוי פיל וויכטיקע געשעפטן איז מען נאָך כאָטש פריי, פּטור פון לערנען.

א טאָג איז דענסטמאָל געווען זייער א שיינער, ווי עס גיט זיך אויס אַמאָל אין אלול, איינער פון די געשאָנקענע טעג. נאָך גאַנץ פריי האָט פון איר געצעלט דאָרט ביים עק הימל אַרויסגעשיינט די זון מיט איר ליכטיק פּנים און, צעטרייבנדיק ביסלעכווייס דעם פריש־ליבלעכן נעפּל, זיך געשפּילט אין טוי־טראָפּנס, וואָס האָבן געפינקלט, געשפּילט אין אַלערליי קאָלירן, ווי ווי בריליאַנטן. די שאָטנס רוקן זיך מיט דרך־ארץ טריט־ביי־טריט אַלץ צוריק, און וואָס ווייטער, ווייטער, ווערט העלער און העלער. פריילעך סווישטשן די וואָראָבייטשי־

קעס, אונטערשפּרינגענדיק מיט די דינע פיסלעך אויף די דעכער, אויף די פּלויטן, דאָס — צונויפלויפן זיי זיך פעקלעכווייז אינײנעם, עפּעס האמפּערט מען זיך איבער א קערנדל, עפּעס שמועסט דאָ קהל איבער וועגן זייער א וויכטיקער זאך, און דאָס — צעלויפן זיי זיך אין באַזונדערע פּאָרלעך, טאנצדיק איטלעכער אקעגן זיין באשערטער, וויטען זיך, האלזן זיך, לויבן זיך, צאפּלען, פּלאטערן מיט די פליגעלעך — און פּיק, פּיק אין קעפּל. מעקענדיק, לויפן ראפּטאָם ציגן פון אלע געסלעך אהין, ווו עס פארקלייבט זיך די טשערעדע, פון דאָרט גייט זי אויפן גאנצן טאָג אוועק אין פעלד אריין. די פארשייטע ציגן, די שקצים, שפּרינגען רעשנדיק, פארריסן די וויידעלעך, העט פאָראויס. די קי רירן זיך פאמעלעך מיט סטאטיק, ניט געיילט, צונויגנדיק מיט די קעפּלעך, ווי פיינע בעל-הביתטעס, רויק, רויק, עטיל, נאָר עטלעכע פארדרייען אהינטן די קעפּ און לאָזן ארויס ווי פון א צעשפּאָלטענעם שופר א הייזעריקן, א קויש-נארישן „מע", גלאט אזוי זיך, א גרוס גאָר פריינטלעך דעם גאנצן שטעטל יידן, אָדער א זיי-געזונט די פארבליבענע קעלבלעך. שאָקלענדיק זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער, פירט דער גאָנער זיין גאנץ געזינטל יונגען גענזלעך, וואָס זיינע ערשט אריין אין די פעדערן, בלאָזט פון זיך א שרעק, גאָגאָטשעט, שטרעקט דעם האלז, פארוואָרפנדיק מיטן קעפּל און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאניע אראָפּ אהין צום וואסער.

דער טאָג איז שיין, ליכטיק, ווי הערשעלען אויפן הארצן. הערשעלע שפּליעט אויף גייענדיק דאָס קאַפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענט צו כאפּן די לאנגע שניי-ווייסע פעדעם, וואָס טראָגן זיך ארום אין דער לופט, ווי דינע שפּינוועבס; פארקוקט זיך אויך אויף די טויבן, וואָס שוועבן, דרייען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלעך, ריין-קלאָר גלאנצנדיקע, גאָלד און זילבער — און ער האָט הנאה, ס'איז אים עפּעס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פילט, אז היינט איז ער גליקלעך. די געשעפטן זיינע האָט ער, געלויבט איז גאָט, אָפּגעארבעט נאָך בעסער ווי געווינטשן. ער איז פריי, ס'איז יום-טובדיק גוט ארום און ארום.

# די פּאָן.

## א.

אז איך בין געווען אַ קליין ייִנגעלע, האָט מען מיך גערופן „טאָפּעלע טוטאַריטו", דאָס הייסט „קאָפּל קוקאַריקו". ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל, ערשטנס, האָב איך געהאַט אַ דין קוויטשיק קולכל, ווי אַ יונג האָנעכל, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו קרייען, און צווייטנס, האָב איך נישט געקאָנט אויסרעדן קיין „קוף" און קיין „כּף" און קיין „גימל", און ווי אויף צו להכעיס האָט מיין טאַטע באַדאַרפט הייסן קַלמָן, מיין מאַמע — גיטל־קַלמֶנס, איך — קאָפּל גיטל־קַלמֶנס און דער רֶבּי — גֶרשן־גאָרגל דַרדֶקי פון גאַלאַגאַ־נאָווקע.

— ייִנגל, ווי אַזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּל דיטל־טַלמנס.

— העכער אַביסל.

— טאָפּל דיטל טַלמנס.

— נאָך העכער.

איך שריי הויך, אויף אַ קול:

— טאָ—פּל! די—טַל טַל—מֶנס!

דער עולם לאַכט.

דער עולם לאַכט, און איך וויין.

איך וויין נישט פון דעם, וואָס מען לאַכט פון מיר, נאָר דערפאַר, וואָס מען שלאָגט מיך. איטלעכער, ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, דער שלאָגט מיך: דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער,

דער רֶבִּי, די תַּלמידים. מען לערנט מיך, איך זאָל רעדן „ווי א מענטש".

ב.

האָבן אויף שִׂמחַת־תּוֹרָה א פאָן, טאַקע וואָס א פאָן הייסט, אַ פאָן מיט א שטעקל, פון אויבן אַן עפּל, אינם עפּל א ליכטל — דאָס האָט ביי מיר דעמאָלט אויסגעוויזן אַזאַ גליק, וואָס איך האָב גאָר מוֹרָא געהאַט טראַכטן פון דעם. קאַרג גוטע זאַכן איז פאַראַן אויף דער וועלט? למאַי ס'איז פאַראַן אַזעלכע יינגלעך אין חֶדֶר, וואָס פאַרמאָגן געלט אויף צו קויפן א מעסערל, א בייטעלע, א שטעקעלע? למאַי ס'איז פאַראַן יינגלעך אַזעלכע, וואָס עסן ווייסע בולקע אין דער וואָכן... אַזאַ מַזל!

איך האָב קיין ווייסע בולקע אין דער וואָכן קיין מאָל נישט געגעסן!

איך האָב נישט געוווּסט דעם טַעַם, וואָס הייסט אָפּעסן אַזוי, אז איך זאָל טאַקע באַלד נישט קאָנען עסן נאָכאַמאָל.

היינט ווער שמועסט — האָבן ביי זיך אין קעשענע א קאָפּיקע, אַן אייגענע קאָפּיקע — דאָס האָט זיך מיר אַפילו נישט געחָלומט.

און שטעלט אייך פאָר, אַז איך, קאָפּל קוקאַריקו, ווער מיט אַמאָל א גְבִיר און באַקום מיין אייגנס צוויי און צוואַנציק קאָפּיקעס!

אֶפשָר מיינט איר אַ נֵס — אַ פְּרִיץ האָט פאַרלאָרן, און איך האָב געפונען? האָט איר דַוקֶא נישט געטראָפן.

איך האָב זיי, שווער איך אייך, פאַרדינט, כָּשֵר פאַרדינט, פאַרהאָרעוועט מיט מיינע אייגענע פיס.

דאָס איז געווען פורים, האָט מיך דער טאַטע געשיקט, איך זאָל צעטראָגן דעם שַלַח־מָנוֹת צווישן די בַּעלֵי־בַּתִּים פונם אונטערשטן

קלייזל פון דער קַצָבישער קלויז. פריער פלעגט צעטראָגן דעם שַלַח־מָנוֹת איינע פון מיינע עלטערע שוועסטער, און איצט, אַז איך בין שוין אַביסל אונטערגעוואקסן, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז איך מעג שוין אויך זיין אַ שטיקל הילף. האָב איך גענומען דאָס שעלכל מיטן פלעדל, אַרומגעטראָגן דאָס פון שטוב צו שטוב צווישן אַלע בַעלֵי־בָתִים פונם אונטערשטן קלייזל פון דער קַצָבישער קלויז, געקנאָטן מיט די באָרוועסע פיס די קאַלטע גליטשיקע בלאָטע, און פון די גראָשנס, וואָס מ׳האָט מיר געשענקט פאַרן וועג, האָב איך געמאַכט אַ זילבערנעם פערציקער מיט פיר גראָשנס.

איז געבליבן ביי מיר, איך זאָל איבערלאָזן פון דעם געלט, אָם יִרְצֶה־הַשֵׁם, אויף סוכּוֹת — זיך קויפן אַ פאָן.

ג.

גאָט האָט געהאָלפן, דער סוכּוֹת איז געקומען. און איך האָב מיר געקויפט אַ פאָן, אַ גרויסע, אַ געלע, אַ „צווייזייטנדיקע".

פון איין זייט זענען געווען אויסגעמאָלט צוויי חַיוֹת, וואָס האָבן געהאַט אַ פָּנִים פון קעץ, נאָר בֶאֱמֶת זענען זיי געווען לייבן מיט אָפענע מיילער און מיט לאַנגע צונגען. אויף די צונגען ביי זיי זענען געווען אַרויפגעטאָן פייפלעך, אַ פָּנִים שופרות, מַחמַת ס׳איז געשטאַנען אָנגעצייכנט גרויסע אותיות: בַּחֲצוֹצְרוֹת וקוֹל שוֹפָר.

אונטן, אונטער די לייבן, איז געשטאַנען אויפגעשריבן פון דער רעכטער האַנט: דֶגֶל מַחְנֵה יְהוּדָה, פון דער לינקער האַנט: דֶגֶל מַחְנֵה אֶפְרַיִם.

דאָס האָט איר ערשט איין זייט פאָן. אויף דער אַנדערער זייט איז געווען נאָך שענער. דאָרט זענען געשטאַנען אויסגעמאָלט די פּאָרטרעטן פון משֶה מיט אַהרנען, פּינקטלעך, ווי לעבעדיקע. משֶה

מיט אַ גרויסן דאַשעק אויפן שטערן, און אַהרן מיט אַ גאָלדענער רייף אויף דער געלער פּאַטלע. אין מיטן, צווישן משה מיט אַהרנען, אַ גאַנצע כאַליאַסטרע יידעלעך, געפּאַקט איינס אויף דאָס אַנדערע, מיט תּורהלעך אין די הענט. אַלע האָבן זיי איין פּנים, גלייך ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט: אַלע מיט לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, אַלע מיט שיך און זעקעלעך און אַלע מיט גאַרטעלעך. די יידעלעך הייבן פיס און זינגען: שישו ושמחו בשמחת תּורה!

באַקומען אַ פּאָן, באַדאַרף מען קריגן אַ שטעקל צו דער פּאָן.

דאָ מוז מען שוין אָנקומען צו ר' זלמן דעם סטאָליער, וואָס איז געזעסן מיטן רבין אונטער איין דאַך.

— וואָס וועסטו עפּעס זאָגן, טאַפּאַלע טוטאַריטו?

— אַ שטעטל צו דער פאָן.

— וואָס הייסט — זאָגט ער — אַ שטעטל?

— אַ שטעטל — זאָג איך — פון אַ שטיטל האָלץ מע זאָל טאָנען טראָגן די פאָן.

ר' זלמן טרייבט מיט מיר אַזוי לאַנג קאַטאָוועס, ביז איך צעוויין זיך. דעמאָלט ווערט ער ווייך, וואַרפט אַוועק אַלע אַרבעט, נעמט אַ שטיקל האָלץ, אַ שניץ אַהער, אַ שניץ אַהין — פאַרטיק.

אַצינד פעלט מיר נאָר אַן עפּל מיט אַ ליכטל. געוויינטלעך, פון וואַקס, נישט פון חלב, וואָרים חלב, אַז עס וועט אַרויפקאַפּען אויפן עפּל, איז פאַרפאַלן דער עפּל, מע וועט אים נאָכדעם נישט קאָנען עסן. אָבער וואַקס מאַכט נישט אויס, וואַקס איז כשר...

נו, און וואַקס איז דאָך ביי מיר פאַראַן מער ווי ביי אַלע יינגלעך. אַדרבא, אַ יינגל, אַז ער באַדאַרף אַ שטיקל וואַקס, צו וועמען קומט ער אָן? צו מיר! וואָרים מיין טאַטע איז דאָך אונטער־שמש אין אונטערשטן קלייזל פון דער קאַבישער קלויז, איז וואָס עס

בלייבט נאָך יום־כּפּור פון די ליכט געהערט צו אים — דאָס איז זיין הכּנסה. ער שמעלצט דערפון „שמשים״ צו די חנוכּה־ליכטלעך, הבדלות און סטאַטשיקעס, און וואָס עס פאַלט אַראָפּ פון די הבדלות מיט די סטאַטשיקעס געהער צו מיר — דאָס איז מיין הכּנסה.

הקיצור, איך האָב אַלצדינג, וואָס מע באַדאַרף!

## ד.

אַריינגעזעצט די פאָן אינם שטעקל, אויפגעפּאַסט אויפן שפּיץ אַ רויטן עפּל און אָנגעצונדן פון אויבן דאָס וועקסן ליכטל, לאָז איך מיר שמיני עצרת אויף דער נאַכט אין שול אַריין צו די הקפות לעבעדיק, פריילעך.

עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין שוין אין שול אויבן אויף דער מזרח־באַנק מיט אַלע בעלי־בתּישע קינדער. די ליכט ברענען. מיין פאָן איז שענער פון אַלע פאָנען. מיין עפּל איז רויטער פון אַלע עפּל. מיין ליכטל איז גרעסער פון אַלע ליכטלעך. אין שול איז אָן ענגשאַפט, אַ היץ מיט סכּנות נפשות. ווייבלעך און מיידלעך אַ סך זענען געקומען קושן די תּורה, אָט גייט ר׳ מלך דער חזן מיטן צעלאָזטן טלית אויף צופריער, ווי אַ גענעראַל. נאָך אים די בעלי־בתּים. ר׳ מלך ציקלט זיך און זאָגט אויף זיין בלעכענער שטימע: „עוזר ד — — לים הושיעה נא!״ די ווייבלעך מיט די מיידלעך שפּרינגען אין פּנים אַריין, קושן די תּורות און שרייען מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבער אַ יאָר! דערלעבט איבער אַ יאָר! — גם אַתּם! גם אַתּם!

## ה.

— מַזל טוב טאָפּעלע טוטאַריטו האָט אַ פּאָן! שָלום־עֲלֵיכֶם, אַ גוטער ייד, אַ האַלבער פָּנים אָפּגעבריט...

מיט אזא ברייטן בָּרוּך הַבָּא האבן מיך חֶבְרֶה קונדֵסים באַגעגנט, אַז איך בין געקומען אויפן שול־הויף מיט מיין פּאָן.

איך באַטראַכט אַלע פאָנען און וואַרף אַ קוק אויף מיין פּאָן — ווער? וואָס? ווען? ווי קומען זייערע פאָנען צו מיין פּאָן?

ערשטנס, די פּאָן אַליין. ביי קיינעם שטייט נישט אַזוי גלייך אַריינגעזעצט אין שטעקל, אַז מע זאָל אַרויסזען ביידע זייטן. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ גלייך, קיילעכיק, געטאָקט שטעקל. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ רויטער גלאַטער עפּל. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ געראָטן ליכטל, וואָרים ווער פאַרמאָגט אַזוי פיל וואַקס. ווי איך?... איך מאַך אַ פאַרגלייך צווישן מיין פּאָן און צווישן די אַלע איבעריקע פאָנען — און מיין האַרץ ווערט פול מיט גַדלוּת. עס מאַלט זיך מיר אויס, אַז איך וואַקס און וואַקס העכער און העכער, לענגער און ברייטער. די פיס טראָגן מיך, עס גלוסט זיך מיר לאַכן, שרייען, קוויטשען, כאַפּן אַ טענצל...

— צַנוּ, ווייז נאָר! — רופט צו מיר יואליק דעם נָגידס און בלייבט שטיין פאַרגאַפט.

ער באַקוקט מיין פּאָן, איך באַקוק זיין פּאָן. „אויך מיר אַ פּאָן!" — טראַכט איך מיר: „אויך מיר אַ שטעקל! אויסגעבויגן, גלייך ווי אַ קאָטשערע!" איך זע, אַז ער איז אַ געקאָכטער, נאָר איך מאַך מיך נישט ווייסנדיק און קוק כּלוֹמֶרשט אָן אַ זייט.

— קאָפּל! — מאַכט ער צו מיר: — ווו האָסטו גענומען אַזאַ שיין שטעקעלע!

— האַ? — זאָג איך און דריי מיך אויס צו אים מיטן פָּנים.

— ווי האָסטו דערטאַפּט, — זאָגט ער נאָכאַמאָל — אַזאַ טשאַקענדיק שטעקעלע?

— וואָס איז דען? — זאָג איך צו אים: — ווילסט זיך אֶפשר בייטן אויף דיין טשוואָק?...

יואליק פאַרשטייט דעם שטאָך. ער טוט אַ גלאַנץ מיט די אייגעלעך, אַ סמאָרע מיט דער נאָז, לייגט אַריין די האַנט אין קעשענע און טרעט אָפּ. איך קוק אים נאָך און קוועל. עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. איך זע ווי ער רופט אָפּ נֶחֶמיהן מיטן קרומען פיסל אויף אַ זייט און סודעט זיך מיט אים און ווינקט אויף מיר מיט די אויגן. איך זע גאַנץ גוט, נאָר איך מאַך מיך נישט ווִיסנדיק. אין אַ מינוט אַרום גייט צו צו מיר נֶחֶמיה מיטן קרומען פיסל, האַלט יואליקס פאָן מיטן קרומען שטעקל און רופט זיך אָן צו מיר:

— גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל, מיינס האָט זיך פאַרלאָשן.

— ס׳איז דען דיין פאָן? — זאָג איך צו אים און בויג אים אָן מיין פאָן מיטן ליכטל — איך ווייס דאָך, וועמעס פאָן דאָס איז...

און איידער איך קוק מיך אַרום, טראָגט צו נֶחֶמיה זיין אָנגעצונדן ליכטל צו מיין פאָן און מאַכט בּוֹרֵא מאוֹרֵי הָאֵש. מיין פאָן צינדט זיך אָן, טוט אַ פלאַקער, פּ־פּ־פּ, — אויס פאָן!

ווען עס פאַלט אַראָפּ פון הימל אַ שטיין גלייך מיר אין קאָפּ אַריין, ווען אַ ווילדע חַיָה פאַלט אָן אויף מיר און וויל מיך צעריסן, אָדער ווען עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מֵת אום האַלבע נאַכט און וויל מיך וואַרגן, — וואָלט מיין שרעק נישט באַדאַרפט זיין אַזוי גרויס, ווי בִּשְעַת איך האָב דערזען מיין נאַקעטן שטעקן מיט דער אָפּגעברענטער פאָן. עס האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מיר פונם האַרצן אַ געשריי:

— אוי ווײַ, מײַן פּאָן! מײַן פּאָן! מײַן פּאָן!...

עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן טרערן פון מײַנע אויגן. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרן פינסטער. דאָס שטעקל מיטן עפּל מיטן ליכטל זענען אַרויסגעפאַלן פון מײַנע הענט, און איך האָב מיך געלאָזט גיין, איך ווייס אַליין נישט וווּהין. איך גיי און גיס און גיס הייסע ביטערע טרערן, איך ברעך די הענט און באַוויין מײַן פּאָן, ווי מע באַווײַנט אַ טויטן, און איך קום צו גיין אַהיים אײנער אַליין, אָן אַ פּאָן, און איך פאַרקלײַב מיך אין אַ ווינקעלע, און אין דער פינסטער זיץ איך. דעם קאָפּ אַראָפּ צווישן די קני, און וויין שטילערהייט קיינער זאָל נישט זען, קיינער זאָל נישט הערן...

גוואַלט, גוואַלט, רבונו של עולם! פאַרוואָס קומט דאָס מיר? פאַרוואָס און פאַר ווען?!...



ח. נ. ביאַליק.

## מײַן גאָרטן.

ווילט איר, אפשר, זײַן אַ בעלן
אָנקוקן מײַן שיינעם גאָרטן —
זײַט-זשע מוחל, קומט אַרויס,
קוקט אים אָן — אָט שטייט ער דאָרטן.

אָן עַיִן הָרֶע גרויס און רייך —
כ׳זאָג אייך, איינער אינם שטעטל.
זעט נאָר, ווי עס קוועלט אין אים
יעדער בוים און יעדעס בלעטל.

אויסגעצוואָגן פון דעם טוי,
פון די שטראַלן אויסגעבאָדן,
שטייעןביימער אַלערליי
מיט די פּרות אָנגעלאָדן.

שווערע עפּל, רויטע עפּל
בייגן צו דער ערד די צווייגן,
און די באַרן — זעט נאָר באַרן —
הענגען שטיל זיך דאָרט און שווייגן.

שוואַרצע ווײַנשל בלינצלען עפּעס
מַמזֵר׳ש, גַנבֿה׳ש, ווי מיט אויגן;
נו, און פלוימען — אָט די פלוימען —
מיט אַ בלויען הויך באַצויגן.
יאָ, אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען,
כ׳האָב אַ רייכן, שיינעם גאָרטן!
אָן עַיִן־הָרֶע אָנגעפּאַקט
פּירות, פּרוכט מִכָּל הַסאָרטן.



שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם.

# מְנַשֶׁה דעם רוֹפֵאס גאָרטן.

## א.

אַנו, טרעפט, ווּ איז דער גַן עֵדֶן? מע זאָל אַשטייגער פרעגן מיך, וואָלט איך געזאָגט, אַז דער גַן־עֵדֶן — דאָס איז מְנַשֶׁה דעם רוֹפֵאס גאָרטן. זינט איר לעבט, האָט איר נאָך אַזאַ גאָרטן נישט געזען!

וואָס פאַר אַ פֵּירוֹת געפינט איר נישט אינעם דאָזיקן גאָרטן? עפּל און באַרן און וויינשל און פלוימען און קאַרשן און אַגרעסן און ווײמפּערלעך און פערשקעס און שפּאָנקעס און מאַ־עלן און מאַלינעס און אָזשעניצעס און שאָלקאָוויצעס — און וואָס נישט? וואָס דאַרפט איר מער — אַפילו ווייַנטרויבן עֶרֶב ראָש־הַשָּׁנָה אויף שֶׁהֶחֱיָנוּ ווּ קריגט מען? — בּיי איר, בּיי מְנַשֶׁה דעם רוֹפֵאס ווייב, מְנַשֶׁהכע די רוֹפֵאטע! אֱמֶת, די ווייַנטרויבן אַז מע פאַרזוכט, דערזעט מען קראָקע מיט לעמבערג. אַזוי שטאַרק זויער זיינען זיי! פונדעסטוועגן נעמט זי אָפּ פאַר זיי גוטע געלט! פון אַלצדינג מאַכט זי געלט. אַפילו פון די סאָנישניקעס, גאָט זאָל אייך היטן, איר זאָלט בּיי איר בעטן אויסרייסן אַ סאָנישניק! זי וועט אייך נישט געבן: אַ צאָן זיך אויסרייסן פונם מויל איז בּיי איר גרינגער, ווי אויסרייסן אַ סאָנישניק בּיי איר פונם גאָרטן, היינט ווער רעדט כון אַן עפּל, אַ באַר, אַ וויינשל, אַ פלוים? חִיוּת נישט זיכער! איך בין באַקאַנט מיטן דאָזיקן גאָרטן ווי אַ ייד אין אַשְׁרֵי. איך ווייס אַפילו, ווּ איטלעכעס ביימעלע געפינט זיך און וואָס עס וואַקסט אויף דעם און צי ס'איז היינטיקס יאָר געראָטן אָדער נישט אַזוי געראָטן. פונוואַנען ווייס איך דאָס? שרעקט אייך נישט, איך בין דאָרטן נאָך קיינמאָל נישט געוועזן. ווי אַזוי האָב איך געקענט זיין, אַז דער גאָרטן איז אַרומגעצאַמט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן, איבערגעדעקט מיט מוֹרַאדיקע שטעכלקעס? זייט איר שוין פאַרטיק? איז אינווייניק דאָ אַ הונט — נישט קיין הונט, נאָר אַ וואָלף! אויף אַ לאַנגן שטריק שטייט ער צוגעבונדן, אָט דער כֶּלֶב שֶׁבִּכְלָבִים, און אַנו, לאָז נאָר עמיצער דורכגיין פאַרביי, אָדער לאָז זיך אים דאַכטן, אַז עמיצער גייט פאַרביי, הייבט ער אָן צו רייסן זיך, שפּרינגען און בילן מיט אַזאַ כַּעַס, גלייך ווי דער רוח כאַפּט אים אַוועק! פרעגט זיך אַ קַשְׁיָה: וויבאַלד אַזוי, ווי קום איך אין גאָרטן אַריין? הערט־זשע, וועל איך אייך דערציילן.

## ב.

מענדל דעם שוחטס קענט איר צי נײן? קענט איר דאָך מענדל דעם שוחטס דירה אַוודאַי נישט. זי איז די אַנדערע פון מנשה דעם רופאס און קוקט גלייך צו אים אין גאָרטן אַריין. בײ מענדל שוחט, אַז מע זיצט אויפן דאַך, קען מען זען אַלצדינג, וואָס בײ מנשה דעם רופא אין גאָרטן טוט זיך. די גאַנצע קונץ איז, ווי אַזוי קלעטערט מען אַרויף צו מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך? מיר איז דאָס גאָר נישט. ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל מענדל דעם שוחטס דירה איז די אַנדערע פון אונז און איז אַ סך נידעריקער פון אונזער דירה. אַז איר דראַפּעט זיך אַרויף צו אונז אויפן בוידים און שטעלט צרויס אַ כוס פונם קלײנעם פענסטערל, אַזוי זײט איר שוין בײ מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך. דאָרטן לייגט איר זיך אַוועק ווי אַזוי איר ווילט: אָדער מיטן פּנים אַרויף אָדער מיטן פּנים אַראָפּ. יעדנפאַלס לייגן זיך מוזט איר, אַניט קען מען אייך חלילה דערזען: — וואָס טוט איר בײ מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך? איך האָב אויסגעקליבן תּמיד אַ צייט פאַרנאַכטלעך, צווישן מנחה און מעריב, ווען איך בין געגאַנגען אין שול אַריין קדיש זאָגן. דעמאָלט איז נישט טאָג און נישט נאַכט, די בעסטע צייט. פון דאָרט אַראָפּגעקוקט אין גאָרטן אַריין, שווער איך אייך, אַז ס'איז אַ גן־עדן שבגן־עדן!...

אַז דער זומער הייבט זיך אָן און די ביימער הייבן אָן צו בליען, זיך באַדעקן מיט ווייסע פעדערלעך, קענט איר האָפן, אַז נישט היינט איז מאָרגן וועלן זיך באַווייזן אין די קורצע שטעכעדיקע ביימעלעך גרינע אַגרעסן. דאָס איז די ערשטע פּרי, וואָס עס גלוסט זיך אייך פאַרזוכן. פאַראַן מענטשן, וואָס וואַרטן, ביז די צאַגרעסן ווערן רויט. נאַראָנים! איך זאָל האָבן די ברכות, וואָס גרינערהייט זענען זיי אַ סך מער באַטעמט און געשמאַק! איר וועט זאָגן, זיי זענען זויער? עס ווערט פון זיי הייליק די ציין? נו, וואָס־זשע איז? אַ זויערס קוויקט דאָס האַרץ און צו הייליקע ציין איז דאָ אַ סגולה — זאָלן: מע שיט אַרויף זאַלץ אויף די ציין און מע האַלט אָפּן דאָס מויל צקעגן אַ האַלבע שעה, קען מען נאָכדעם עסן ווידעראַמאָל דיזעלבע אַגרעסן. נאָך די צאַגרעסן קומען אויף די ווײמפּערלעך, רויטינקע מיט שוואַרצע פּיסקעלעך, מיט געלע קערעלעך, און צענדליקער־צענדליקער אויף איין צווייגעלע. איין צווייגעלע אַז איר פירט דורך צווישן די ליפּן, באַקומט איר אַ פול מויל מיט ווײמפּערלעך, וויינינקע, שמעקנדיקע, מחיה נפשות! אַז זיי קומען אויף, קויפט מיר די מאַמע פאַר אַ גראָשן אַ קווערטעלע ווײמפּערלעך אויף שהחינו — עס איך זיי מיט ברויט. בײ מנשהכע די רופאטע אין גאָרטן זענען דאָ צוויי רייען קליינע ביימלעך, האַרט בײ דער ערד, אָנגעזעצט מיט ווײמפּערלעך.

אויף דער זון ברענען זיי און פינקלען אָפּ, און עס גלוסט זיך כאַטש איין צווייגעלע, כאָטש איין ווײַמפּערל מיט צוויי פינגער געבן אַ ריס אָפּ און גלייך אין מויל אַרײַן! איר וועט זיך גלויבן? אַז איך רייד פון גרינע אַגרעסן מיט רויטע ווײַמפּערלעך, ווערט מיר שוין הייליק די ציין — לאָמיר בעסער ריידן פון ווײַנשל. ווײַנשל האַלטן זיך נישט לאַנג גרין. ווײַנשל ווערן גיך פאַרטיק. איך קען אייך שווערן ביי וואָס איר ווילט, אַז איך אַליין האָב באַמערקט, ליגנדיק ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך, עטלעכע ווײַנשעלעך זענען איבערנאַכט געוואָרן גרין אַזוי ווי גראָז. איך האָב זיי גוט באַמערקט, געמאַכט אויף זיי אַ סימן. ביי טאָג האָבן זיי פון דער זון באַקומען רויטע בעקעלעך. דעמאָלט באַלד זענען זיי שוין געווען רויט ווי פייער! ווײַנשל פלעגט מיר אויך די מאַמע ברענגען אויף שהחינו. אָבער וויפל ווײַנשל? פינף שטיק אויף אַ פּאָרים. וואָס טוט מען מיט פינף ווײַנשל? מען שפּילט זיך מיט זיי אַזוי לאַנג, ביז מע ווייסט נישט, ווו זיי זענען אַהינגעקומען...

ג.

וויפל שטערן אין הימל — אַזוי פיל ווײַנשל ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן איר קענט פאַרשטיין, אַז איך בין אַ בעל געווען אויף איין צווייגעלע איבערציילן די ווײַנשל, האָב איך געציילט און נישט געקענט איבערציילן!... ווײַנשל האָבן אַ טבע זיי האַלטן זיך שטאַרק אויף די ריטלעך. זעלטן-זעלטן ווען עס פאַלט אַראָפּ אַ ווײַנשל אויף דער ערד; ער מוז שוין זיין איבערצייטיקט, שוואַרץ אַזוי ווי אַ פלוים. זעט איר פערשקעס — די פאַלן אָפּ, ווי באַלד נאָר זיי ווערן רעכט געל. אַך פערשקעס, פערשקעס! איך האָב זיי ליב מער פון אַלע פירות. אַ גאַנצער בוים מיט פערשקעס שטייט און איך ליג ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך און קוק און קוק און זע, ווי עס פאַלט אַ פערשקע נאָך אַ פערשקע. איינע אַ געלע, אַזש אַ רויטלעכע, האָט זיך פאַרשפּאָלטן און געעפנט. עס זעט זיך אַרויס פון איר דאָס ביינדיקע קערל. וואָס וועט זי טאָן, די רופאטע, מיט אַזוי פיל פערשקעס? זי וועט זיי אָפּטרייסלען מן-הסתם און וועט פרעגלען פון זיי איינגעמאַכטס. דעם איינגעמאַכטס וועט זי פאַררוקן ווייט אין דער הרובע. ווינטער וועט זי אים אַוועקשטעלן אין קעלער אַרײַן און דאָרט וועט ער שטיין אַזוי לאַנג, ביז עס וועט ווערן געצוקערט און כאַפּן אַ שימל.

נאָך די פערשקעס קומען אויף די פלוימען. נישט אַלע פלוימען מיטאַמאָל. איך האָב צוויי סאָרטן פלוימען ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן. איין בוים האָב איך מיט „טשערקינעס". דאָס איז אַ מין קיילעכדיקע, זיסע, האַרטע, שוואַרצע

פלוים. דער אַנדערער בוים איז אַ בוים פון פּראָסטע פלוימען. דאָס איז אַ מין פלוים, וואָס מע רופט זיי „עמערפלוימען". מע פאַרקויפט זיי אויפן עמער. זיי האָבן אַ דין הייטל, זענען גליטשיק און קלעפּעדיק און וואַסעריק אויפן טעם, פונדעסטוועגן זענען זיי נישט אַזוי שלעכט, ווי איר מיינט. הלוואי וואָלט מען זיי נאָר ווען געבן. מסתּמא די רופאטע איז אָבער נישט פון די איבעריקע געבעקעס. זי מאַכט בעסער פון די פלוימען פּאָווידלע אויפן ווינטער. ווען וועט זי אויפעסן אַזוי פיל פּאָווידלע?

# ד.

אָראָפּגעפּטערט די ווינשל מיט די פערשקעס מיט די פלוימען, הייבט זיך אָן פאַר מיר אַ הדרה עפּל. עפּל, דאַרפט איר וויסן, איז נישט קיין באַרן. באַרן, זיי מעגן זיין די בעסטע באַרן אין דער וועלט, וויבאַלד זיי זענען נישט רעכט כאַרטיק, קענט איר מיט זיי גאָרנישט מאַכן. גייט קייט האָלץ! עפּל מעגן זיין ווי גרין, די קערעלעך מעגן זיין ווי ווייס, האָבן זיי שוין אַ טעם פון עפּל. איר שטעקט אַריין די ציין אין אַ גרינעם עפּל, ווערט אייך זויער אין מויל ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך וועל אייך נישט אָוועקגעבן קיין האַלבן גרינעם עפּל פאַר צוויי צייטיקע. אויף צייטיקע דאַרף מען וואַרטן ביז הנץ-הנץ, און גרינע עפּל קענט איר האָבן תּיכף, נאָכדעם ווי דאָסביימעלע האָט אָפּגעבליט. עס ווענדט זיך נאָר אין דער גרייס. וואָס ווייטער אַן עפּל וואַקסט, ווערט ער גרעסער! ווי להבדיל אַ מענטש... עס איז נישט קיין ראיה, אַז אַ גרויסער עפּל דאַרף זיין גוט. אַמאָל מאַכט זיך, אַ קליין עפּעלע זאָל זיין בעסער פונם גרעסטן עפּל. למשל נעמט „ארץ-ישׂראל-עפּעלעך". זיי זענען ווייניק, אָבער געשמאַק, צי אַשטייגער קיסליצעס אָדער קוואַס-עפּעלעך, וואָס גייט זיי אָפּ? הייניטיקן זומער איז אויף זיי אַ מורא׳דיק געראָטעניש: עס וועט זיין אַזוי פיל, אַז מע וועט זיי פירן מיט וועגן. אַזוי האָב איך געהערט פון מסתּמא דער רופאטעס מויל.

# ה.

הערט איר — נאָך אַזאַ צרה ווי די רופאטע האָט איר נישט געזען! לאָז אַראָפּפאַלן איין עפּעלע אַ ווערימדיקס, אַן איינגעדאַרטס, אַן איינגעקנייטשטס, ווי ביי אַן אַלטער באַבעצע דאָס פּנים, וועט זי זיך נישט פוילן זיך אָנבייגן, אויפהייבן, אַריינלייגן אין פאַרטוך אַריין און אַוועקטראָגן. וווהין טראָגט זי זיי? אַפּנים אויפן

בוידים און אֶפשר אין קעלער. עס ווייזט אויס, אַז אין קעלער. מַחמַת איך האָב געהערט דערציילן, אַז פאַראיאָרן איז ביי איר פאַרפוילט געוואָרן אַ קעלער מיט עפל. איז נישט אַ מִצוָה, מע זאָל ביי איר רייסן עפל? יאָ, אָבער ווי אַזוי רייסט מען זיי? אַריינכאַפּן זיך אין גאָרטן ביידערנאַכט ווען אַלע שלאָפן, און אָנשטופּן פולע קעשענעס – וואָלט אַוודאַי געווען אַ שֵׂכֶל. וואָס־זשע וועט אָבער זאָגן דער כֶּלֶב? און ווי אויף צו לְהַכעיס וואַקסן הייַנטיקן זומער עפל אייַנס אין אייַנס. זיי בעטן זיך, זיי חַלָשן, מע זאָל זיי אָפּרייסן! וואָס טוט מען? ס'זאָל זיין אַזאַ שפּרונג, אַ מין כישוף, די עפל זאָלן גיין צו מיר!... איך קלער אַזוי לאַנג, ביז איך דערקלער. נישט קיין שפּרונג און נישט קיין כישוף, נאָר אַן אַנדער זאַך: אַ שטעקן, אַ לאַנגן שטעקן מיט אַ טשוואָק ביים שפּיץ. מיט דעם שטעקן אָבי איר טרעפט נאָר מיטן טשוואָק ביים הענגערל פונעם עפל און טוט אַ צי צו זיך – איז דער עפל אייערער. דער עִיקר איז, מע זאָל זיך נישט כאַפּן. וואָס האָט איר קיין צייט נישט? איר האָט דערטאַפּט אַן עפל? עסט אים אויף שטילערהייט, רוט זיך אָפּ אַ ביסל און רייסט ווייטער. איך בין אייך עָרֵב, אַז קיין פויגל זאָל נישט וויסן!

גייט זייט אַ נָבִיא, אַז די מכַשֵׁפָה וועט גאָר וויסן דעם חֶשבּון פון די עפל נאָך אויפן בוים! אָפּנים זי האָט זיי איבערגעציילט בייטאָג און האָט זיך געכאַפּט אויף מאָרגן, אַז עס פעלן איר עטלעכע שטיק. האָט זי זיך באַהאַלטן ביי זיך אויפן בוידים און גענומען אונטערקוקן זיך, טאָמער וועט איר געראָטן כאַפּן דעם גַנָב. אַזוי דענק איך. מַחמַת פון וואַנען האָט זי זיך געקאָנט דערוויסן, אַז איך ליג ביי מענדל דעם שוחֶטס אויפן דאַך און אַרבעט מיטן שטעקן? נעכיי וואָלט זי מיך כאָטש געכאַפּט אַליין אָן עֵדוּת, וואָלט איך מיך געקענט אָפּבעטן ביי איר. פאָרט אַ יָתוֹם – טאָמער וועט זי האָבן אויף מיר רַחמָנוּת? איז זי זיך אָבער מְיַשֵׁב און גייט אַוועק צו מיין מאַמען און צו מיין שכֵנָה פעסיע און צו דער שוחֶטקע און נעמט זיי אַלע דריי מיט זיך און קלעטערט מיט זיי אַרויף צו אונז אויפן בוידים (אַ מכַשֵׁפָה קען!). פונעם בוידים איז זיי שוין געווען נישט שווער צו זען דורכן פענסטערל, ווי אַזוי איך אַרבעט מיטן שטעקן.

— נו? וואָס זאָגט איר אויף אייער תַכשיט? אַצונד גלויבט איר שוין?

די ווערטער האָבן געהערט צו דער רופֿאטע. איך האָב דערקענט איר מאַנסבילשע שטימע. איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום בוידים און האָב דערזען אַלע פיר ווייבער. איך האָב דעם שטעקן מיטן עפל נישט אַוועקגעוואָרפן – זיי זענען אַליין אַרויסגעפאַלן. אַ גליק, וואָס איך אַליין האָב מיך געהאַלטן אויף די פיס. איך האָב נישט געקענט קוקן קיינעם אין די אויגן אַריין. דער הונט זאָל נישט ליגן אין גאָרטן, וואָלט איך זיך אַראָפּגעוואָרפן און דערהַרגעט פאַר בִזָיון.

ערגער פון אַלץ איז מיר געווען דער מאַמעס טרערן. זי האָט נישט אויפגעהערט צו קלאָגן און צו יאָמערן און צו באַוויינען מיך:

— וויי איז מיר! ווינד איז מיר! צו האָב איך האָב דערלעבט! איך האָב געמיינט, אַז מיין יָתום גייט אין שול אַריין זאָגן קדיש נאָכן טאַטן, צום סוף ליגט ער גאָר אויף אַ בוידים, אַ דונער איז מיר, און רייסט עפּל פון אַ פר.־מדן גאָרטן!..

— איך פרעג דיר נאָר, וואָס וועט פון דיר זיין? — פרעגט מיך די מאַמע מיט טרערן, ווען מיר זענען שוין געווען אינדערהיים, און שטעלט מיר צו אַ בענקעלע פאַר מיין ברודער אֶליָהו. מיין ברודער אֶליָהו הערט אויס די מַעשֶׂה מיט די עפּל און ווערט בלאַס, אַפָּנים — פאַר כַּעס. די מאַמע דערזעט, אַז ער איז אויסער זיך, האָט זי מורא, ער זאָל מיך נישט שלאָגן, רוימט זי אים איין אַ סוד, ער זאָל מיך נישט שלאָגן, וואָרים איך בין אַ יָתום.

— ווער טשעפּעט אים? — זאָגט מיין ברודער אֶליָהו: — איך בין נאָר בעלן צו וויסן, וואָס וועט זיין פון אים? וואָס וועט זיין פון אים?!!

אַזוי זאָגט מיין ברודער אֶליָהו און קריצט מיט די ציין און קוקט אויף מיר איך זאָל אים זאָגן — וואָס וועט זיין פון מיר? איך ווייס, וואָס וועט זיין פון מיר? אפשר ווייסט איר, וואָס וועט זיין פון מיר?



ז. שניאור.

# הארבסט

אין דער אָוונט־לופט
פליען ווייסע גענז,
ווו די זון פארגייט,

דאָרטן פליען זיי,
העלזער אויסגעשטרעקט,
פליגלען אויסגעשפרייט:

אונ זיי ציען זיך
צו דער לעצטער זון,
און זיי יאָגן נאָך

רויטע וואָלקנדלעך, —
שווארצע פליטערלעך
אין דעם אָוונט־גלות...

און פארשווינדן דאָרט
ווי די פלעדערלעך,
אין א פלאם ביינאכט:—
לעצטער קָרבן
אויף דער לעצטער זון.
אוי, טרויעריק, שוועסטערל, טרויעריק.



י. מ. וויסנבערג.

## ביי דער ארבעט.

אן אויסגעשטערנטע נאכט, א הייליקע, פאָרכטיקע סליחות־נאכט. שטילע, פונקלדיקע שטערנדלעך קוקן אראָפּ פון הויכן, בלאָהען הימל אויפן האלב איינגעשלאָפענעם שטעטל. ביי זעליג שוסטער איז נאָך אָפן טיר און טויער, און זיינע געזעלן זענען אזוי פארטיפט אין דער ארבעט, אז זיי באמערקן נישט די ליכטיקע אייגעלעך פון הימל, וואָס האָבן געווונקען צו זיי דורך די אָפענע פענסטער. די בליך־לאָמפּן אין שטוב בלענדן זיי די מידע אויגן, און זיי לאָזן זיי אראָפּ צו דער ארבעט.

פארנומענער פאר אלע איז דער לאנגער נאָטע. ער וויל זיך פארשלאָגן מיטן האמער די געדאנקען; זיי לאָזן אָבער נישט

„עס גייען אַזעלכע הייליקע טעג. אָן אוֹצָר געלט דאַרף מען... און פון וואַנען? איבערן זומער האָט ער נישט פאַראיבעריקט קיין רובל... פאַר זיך עפּעס צו קויפן אויף יום־טוֹב איז קיין רייד נישט, זאָל נאָר אין שטוב זיין צו לייטן גלייך.

„אַ מאַסע הוֹצָאוֹת: אויף ראֹש־הַשָּׁנָה — ברוינע פייגל... אויף יום־כִּפּוּר — עוֹפוֹת; כאַטש צו איינציקע כַּפָּרָה'לעך פאַר יעדן קינד. דערנאָך גייט ערשט סוּכּוֹת. מע זיצט מיט מענטשן אינאיינעם אין סוּכָּה. דאַרף מען האָבן אַ לעשציקל, צוקער־באָבעס גרויסע, — נישט פאַרשעמט צו ווערן פאַר לייט". און ער טרייבט זיך צו; בעסער אַרבעטן אין דער נאַכט אַריין, אַבי צו זיין אַ מענטש צווישן מענטשן.

און ער הויבט און לאָזט אַראָפּ אַלץ האַסטיקער און האַסטיקער דעם האַמער אויף דער האַרטער פּאָדעשווע, אַרומפּאַרנדיק מיט איר איבערן שטיין, וואָס איז געלעגן אויף זיין אויסגעדאַרטער, דינער קני. חיימל, זיין אַכצן־יעריק יינגל, וואָס העלפט אים אונטער און גרייט אים צו אַרבעט, זיצט אָן דער זייט. כּמעט הינטער דעם פאָטערס אַקסל, און קאָוועט אַ שטיוול, קלאַפּנדיק שוואַך און לאַנגזאַם מיטן העמערל. די פּלעקלעך האָבן זיך דאָס מאָל נישט גלאַטיק געגליטשט אין דער געלעכערטער זויל אַריין. טייל צעבראָכן זיך, טייל שפּרינגען אינגאַנצן אַוועק, גלייך זיי וואָלטן געגאַרט זייער יונגן מייסטער, שפּילנדיק מיט אים אין באַהעלטעניש, קוים מאַכט ער צו אָן אויג פאַר מידקייט. און די מידקייט באַפאַלט אים פון צייט צו צייט. דעמאָלט טוט ער זיך אַ וויג, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ צו דער שויס, נאָר דערשפּירנדיק דאָס קאַלטע אייזערנע העמערל ביים שטערן, כאַפּט ער זיך אויף און קוקט זיך אום מיט צוויי אָפענע, דערשראָקענע אויגן, צי לאַכן נישט פון אים די

געזעלן. מע האָט עס גראָד נישט באַמערקט. נאָר ער בייזערט זיך אויף זיך אַליין:

„עס איז קיין תּכלית נישט צו שלאָפן". ער ווייס, אַז דער פאָטער וועט וואַרטן אויפן שטיוול: פע, אַ מיאוסע זאַך דער שלאָף!"

אום מער נישט איינצושלאָפן, לעגט ער אַוועק דעם שטיוול און גייט צום קובל וואַסער, דערפרישט זיך מיטן קאַלטן וואַסער דאָס פּנים מיט די אויגן און גייט שטאָלץ צוריק צו דער אַרבעט, אויפן וועג וואַרפט ער אַ דרייסטן בליק צום וואַנט-זייגער. „אָ זהא, האַלב צוועלף! מע דאַרף זיך צורירן". ער איילט זיך צו זיין אָרט, און פון אונטערן העמערל שיטן זיך לעבעדיקע קלעפּ איבער די קעפּלעך פון די אומרויקע שטיפטן.



א. רייזען.

## דער שוסטער ביי זיין אַרבעט.

אַך, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק!
קיין ברויט איז אין שטוב דאָך נישטאָ.
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק!

אַך, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
עס שלאָגט שוין דער זייגער באַלד צוועלף,
די אויגן — זיי מאַכן זיך צו —
גיב כּח, אָ גאָטעניו, העלף!

אַך, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך!
ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין,
דער גבירהטעס טאָכטערשעס שיך!

אַך, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
נישט גליטש פון מיין האַנט זיך ארויס!
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס!...



## דער טרעגער.

האַרט ביי א גרויסן מאַגאַזין, פאַרגאַרטלט מיט א גראָבער שטריק, וועלכע זאָגט עדות, אז ער איז אַ טרעגער, שטייט ער און קוקט. זיין בליק דריקט אויס פאַרצווייפלונג. עס איז שוין צוויי אזייגער, און ער האָט נאָך קיין „אָנהויב" נישט געהאַט...

פאַרביי אים טראָגן זיך מענטשן, טראָגן זיך איילנדיק, נישט קוקנדיק אפילו אין זיין זייט, ווי ער וואָלט אַ סלופּ געווען...

ער באַטראַכט זיך, אז שטיין אזוי איז קיין שכל נישט, מע מוז זען אַן עצה. נאָר די עצה איז — אריינצוקוקן יעדערן אין די אויגן;

גייען אָבער אַלע, די אויגן אַראָפּגעלאָזן, און ער קאָן קיינעמס בליק נישט כאַפּן.

ער ווערט צעהיצט און אויפגערעגט, הייבט די היטל, רייבט די אויגן, און עס ווילט זיך אים אויסשרייען: „גזלָנים, גיט כאָטש א קוק אויף מיר, איך בין דאָך א מענטש!" דעם געשריי דערשטיקט ער אָבער אין הארצן, און עס ווערט אים נאָך ערגער, און ער נעמט זיך מיט גרויס כַּוָנָה צו קוקן, אֶפשֶר וועט אים עמיצער באַמערקן און א רוף טון אוועקטראָגן מַשָׂא. עפּעס א שווערן קאסטן זאָל מען אים געבן! ער וואָלט מיט אים געפלויגן, ווי דער בעסטער פערד...

נאָר קיינער באַמערקט אים נישט, קיינער רופט אים נישט, און מענטשן זענען דאָ אזוי פיל, אזוי פיל, עס רוישט די גאַס.

און פלוצים דערזעט ער עפּעס, און זיין פארצווייפלונג וואַקסט נאָך מער.

יַענקל דער טרעגער שפּאַנט אין מיטן גאַס, מיט א גרויסן שווערן קאסטן, פּונקט אזא קאסטן, נאָך וועלכן ער האָט ערשט געבענקט אזוי.

מיט פינסטערע בליקן פון קנאָה באַגלייט ער יַענקל דעם טרעגער און ברומט ארויס קרעכצנדיק: „אזא קאסטן! אזא קאסטן! אָט איז א מַזָל!"





ש. אנ-סקי.

# דער שניידער:

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אַלט,
אין יעדן ווינקל — מיסט און קויט,
ס'איז פינסטער, אומעטיק און קאַלט,
אַ קראַנקער שניידער זיצט און נייט.

דער שניידער נייט,
די נאָדל גייט,
דער מוח דרייט:
ס'איז גרויס די נויט,
נישטאָ קיין ברויט,
נישטאָ קיין ברויט!

דער פּנים געל, פאַרצאָגט, פאַרטראַכט,
די נאָדל רודערט טאָג און נאַכט!
פון צייט צו צייט אַ פּוסטער הוסט
האַלט אויף די האַנט, רייסט אויף די ברוסט...

דער שניידער נייט,
די נאָדל גייט,
דער מוח דרייט:
ס'איז גרויס די נויט
נישטאָ קיין ברויט,
נישטאָ קיין ברויט!



## דער הירש און די בלעטער.

יעגער האָבן זיך געיאָגט נאָך א הירש. געבן דעם פּאַרקאָן פון א גרויסן גאָרטן האָבן זיי אים שיער נישט געהאַט געכאַפּט. נאָר דער הירש איז אַריבערגעשפּרונגען דעם פּאַרקאַן און האָט זיך באַהאַלטן צווישן די ביימער. די יעגער האָבן אים געזוכט איבערן גאַנצן גאָרטן, נאָר זיי האָבן אים נישט געקענט געפינען, וואָרום די בלעטער פון די ביימער האָבן אים פאַרדעקט פון אַלע זייטן. האָבן זיי זיך מיַאש געווען פון דעם הירש און האָבן שוין געוואָלט פאַרלאָזן דעם גאָרטן. דער הירש האָט דערזען, מען זוכט אים שוין נישט מער, האָט ער גענומען עסן די בלעטער, וואָס האָבן אים פאַרבאָרגן. די בלעטער האָבן געזיפצט, ווען דער הירש האָט זיי אָנגערירט מיט זיין מויל. פרעגן זיי די ווינטרויבן: וואָס זיפצט איר? האָבן די בלעטער געענטפערט: מיר זיפצן נישט אזוי אויף אונזער אייגענעם טויט, ווי אויפן הירשס נאַרישקייט. דערמיט וואָס ער עסט אונז אויף, טוט ער זיך אַליין די גרעסטע רָעָה. דער הירש האָט אָבער נישט געהערט, וואָס די בלעטער ריידן. ער האָט פאַרגעסן, אַז זיי האָבן אים געראַטעוועט פונם טויט — און האָט זיי אַלץ כּסדר געגעסן. די יעגער האָבן דערהערט א גערויש צווישן די בלעטער, זענען זיי צוגעגאַנגען, און דערזען דעם הירש, האָבן זיי אים דערשאָסן. פאַרן טויט האָט דער הירש צו זיך געזאָגט: איך בין אַליין שולדיק: איך האָב פאַר גוטס באַצאָלט מיט שלעכטן.





י. ל. פּרץ.

# דער בעל עגלה.

II.

— וואָס פאָרט איר נישט, ייד?
— „דער וועג איז שלעכט.
די בלאָטע — געדעכט,
דאָס פערדל — מיד!

עס אַרבעט מיט די זייטן
מיין בידנינקער פערד:
נישט דאָס, וואָס פאַרצייטן —
אַלץ איז אין דר'ערד!

הויט און ביין ס'פערדל,
און גלויבט מיר, בעל-הבית,
אַפילו דער מענטש
איז אויך שוין נישט דאָס!"

עס נעמט דורך די ביינער,
עס שוידערט די קעלט...
דער נעפל פאַלט טיפער
אַראָפּ אויפן פעלד.

עס שליאַפּעט דאָס פערדל
אין בלאָטע און שליאַפּעט,
דער הימל האַלט אונטער
און קאַפּעט, און קאַפּעט...

און אויבן און אונטן
אַלץ גרוילעך און שיטער...
ער זיפצט אַלץ אין-איינעם:
„די צייט איז גאָר ביטער!"

שוואַך איז זיין שטימע
און טרויריק אָן שיער...
איך ווייס נישט, צי רעדט ער
צו זיך, צי צו מיר?...

מ. סטאווסקי.

# לָבָן הָאֲרַמִי.

## א

עס איז געווען אַ קאַלטער און אַ נאַסער נאָך-סוכּות. די הימלען זעען אויס פאַרוויינט, טריב און מוטנע. אַ דראָבנע רעגנדל קראָפּעט. ווימזשעט טאָג ווי נאַכט; קיינער געדענקט נישט, ווען עס האָט אָנגעהויבן, און פרעג - גלויבט קיינער נישט, אַז עס וועט אַמאָל אויפהערן.

קורצע, כמורנע טעג. עס דערלעבט גאָרנישט זיך אויסצולייטערן. איז שוין מִנחָה-צייט, דערנאָך איז הימל און ערד און פינסטערניש איין שטיק.

ווען איך בין פאַרנאַכט אַהיים געקומען, האָב איך נעבן שטוב אין דעם גרויען צווישן-טאָג-און-נאַכט באַמערקט אַ קליין, מאָגער, געפלעקט לאָשאַקל. עס איז געווען אויף אַ שטריקל ביים האַלדז צוגעבונדן צום סלופּ פון דער צעוואָר-פּענער סוכּה. עס האָט געהאַט אַ קורצע, רויטלעכע גריווקע, ווי מיידלש-קליינע צעפּעלעך, אַ קורץ, עטוואָס באַוואַקסן ווידעלע, באַהאַלטן איינגעטוליעט אונטער זיך, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, ווי עס וואָלט דאָרט אונטן עטוואָס געזוכט. איבגאַנצן האָט עס זיך צונויפגעקאָרטשעט און געטרייסלט ווי אַ בלאַט... איך האָב עס גוט באַטראַכט, געדרייט, געגלעט, געפירט מיט דער האַנט איבער דעם נאַסן רוקן, געשלאָסן קאַנטשאַפּט און אַריין אין שטוב...

אין שטוב איז געווען שטאַרק טונקל, נאָר ווען אָנצינדן אַ לאָמפּ, זעט אויס, האָט מען נאָך נישט געקלערט. די מאַמע איז געזעסן לעבן דער קאַל-טער הרובע, געשיילט קאַרטאָפל אויף וועטשערע, געווען אין כּעס, געשוויגן און זיך געקרימט. צו זען זי איז געווען שווער, נאָר עס האָט זיך געפילט אינם שיילן, אַז זי איז אין כּעס. אין דעם פאַרנעפּלטן שטילן בֵּין-מִנחָה-לְמַעריב האָט עפּעס אַ גרויס -- שווערס ארומגעשוועבט. דער טאַטע שווייגט, רעדט נישט אַ וואָרט, ווי ער וואָלט זיך פאַר ווע׳מען פאַרבאַהאַלטן. דערנאָך זאָגט ער שטילערהייט אַשרֵי, שטעלט זיך שמוֹנֶה-עֶשׂרֵה, פאַרקלערט זיך, און בלייבט אַזוי שטיין שטיל פאַרגאַפט, אַזוי אַז מען קאָן זיך אינגאַנצן גאָר פאַרגעסן, אַז ער געפינט זיך אין שטוב.

מיר ווינקען זיך איבער צווישן זיך. כאַפּן אַ קוק אויף דער מאַמען, צום גאַס, אַ ווונק צום לאָשאַק, צוריק אויף דער מאַמען, און מאַכן אַ שווייג.

די מאַמע רעדט אויך גאָרנישט, ווי זי וואָלט אַליין אין צימער געווען. שיילט געשווינט די קאַרטאָפל. עס הערט זיך נאָר אַ פלייסיק שניידן מיטן מעסער, אַ

פליושקע פון דער קאַרטאָפל אין טאָפּ וואַסער און ווידער דאָס סיקען פון מעסער, וואָס שיילט אַ נייע קאַרטאָפל.

דער טאַטע איז פּאָרזיכטיק, אויף די שפּיץ פינגער, פון מִזְרָח־וואַנט אין מיטן שטוב אַריין, שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה אויסגעגאַנגען, ווי ער וואָלט מיט אַמאָל פון סופיט אין צימער אַריינגעפאַלן, און איז שטיין געבליבן. די מאַמע, ווי זי וואָלט פלוצלינג אים אין שטוב דערפילט, האָט זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן, און ווי זי וואָלט אין דער שטילער פינסטערקייט עפּעס אַריינגעזאָגט.

— אַ מְצִיאָה געפּאַקט — זיינע מְסָחְרִים, ס'האָט געפעלט נאָך אַ פְּגִירָה אין שטאַל. וועט פאַרעסן דאָס פערד מיט דער בְּהֵמָה...

און ווידער איז שטיל.

דער טאַטע האָט נישט באַלד געענטפערט, שטילערהייט געזאָגט „עָלֵינוּ“. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן ווייך, פּאָרזיכטיק:

— דו ווייסט דאָך נישט, וואָס פאַר אַ פערד דאָס וועט זיין. באַטראַכט נאָר די קנעכל, די ברוסט — נו, איך קאָן נישט, איך ווייס אַליין נישט, איך האָב אים אין מאַרק דערזען, בין איך אַ פאַרקאָכטער געוואָרן. וואָס אַרט דיך? זאָל ער זיך וואַלגערן, אויף קעסט וועט מען אים נישט אָנדינגען, די שעפלען, וואָס דיין בְּהֵמָה די יַחְסָנטע שטעלט אָפּ — מען וואַרפט אַרויס און מ'האָדעוועט אַ וועלט מיט חזרים — וועט פאַר אים גענוג זיין...

מיר האָבן דעם טאַטנס חֶשְׁבּוֹנוֹת נישט פאַרשטאַנען, די מאַמען גאָרנישט געוואָלט פאַרשטיין. אונז האָט די גאַנצע געשיכטע מאָדנע הֲנָאָה געטאָן. אַ קליין לאָשאַקל, אונזערס אַן אייגנס — ביי אונז אין שטאַל, און אַזאַ שיינס — ווייס מיט שוואַרץ. מיר האָבן זיך אַלע אויף דער באַנק, וואָס ביים פענסטער, צעשטעלט, אַרויסגעקוקט דורך דער פאַרנעפלטער שויב אין גאַס אַריין. עס איז שוין נאַכט, און אין דעם גרויען נעפל טרייסלט זיך אַ קליין, מאָגער, ליב נֶפֶשל. קלאַפּן מיר אונטער איינער דעם אַנדערן מיטן עלנבויגן, שמעלצן זיך שטילערהייט פאַר שִׂמְחָה: זעסט, ס'אַראַ קעפּעלע, ס'אַראַ דינינקע פיסעלעך, און די אויגן אַזוי גרויס און גרוי!...

דער טאַטע האָט פאַרבויגן דעם מַעֲרִיב, און באַלד זיך גענומען מאַכן פאַר אים אַן אָרט אין שטאַל, מַשִׂיג גבול געווען אַביסל דער בְּהֵמָה, דעם פערד, און עס איז געבליבן אונזערס.

## ב.

האָט מען אָנגעהויבן קלערן, וואָס פאַר אַ נאָמען מ'קאָן געבן דאָס לאָשעקל. עפּעס אַ שיינעס, אַ פּאַסיקן נאָמען. יעדער האָט עפּעס אַנדערש פאָרגעלייגט. דער ברודער זעליק, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביי חומש מיט רש"י, האָט אַרויסגעצדרונגען, אַזוי ווי ער, זאָל געזונט זיין, איז געפלעקט און לָבָן הָאֲרַמִי האָט אָפּגענאַרט דעם יידן יַעֲקֹב אָבִינוּ מיט געפלעקטע, סערע, רויטע און ברוינע שאָף, איז דאַריבער דאַרף מען אים אַ נאָמען געבן לָבָן הָאֲרַמִי.

— לָבָן הָאֲרַמִי! — האָבן אַלע אויפגעכאַפּט, — אַי, לָבָן הָאֲרַמִי. אַ שיינער נאָמען, טאַקע פון חומש. —

דעם טאַטן איז אויך געפעלן!

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סֶדֶרה לָבָן הָאֲרַמִי. לָבָן הָאֲרַמִי געגעסן לָבָן הָאֲרַמִי געטרונקען, לָבָן הָאֲרַמִי - לָבָן הָאֲרַמִי...

— ווייי איז מיר, ווי איך טויט פאַרגעסן, פון אינדערפרי שטייט לָבָן הָאֲרַמִי אָן אַ טרונק!

אַלע מינוט ברענגט מען אים עפּעס אַנדערש, דער אַ שטיקל ברויט, דער אַ ביסל געקעכץ, קרופּניק, באָרשטש, אַ שטיקל בייגל. יעדער האָט אים געגלעט, געבאַרשט, געקעמט, און ער האָט זיך אַזוי צוגעוויינט צו אונז, אַז ער פלעגט עסן פון האַנט. פריער שמעקן, באַטראַכטן, איבערקלייבן מיט די ליפּן: פלאַפּ... פלאַפּ... פלאַפּ... ווי ער וואָלט ווערעמדיקן אַרבעס געקליבן. דערנאָך אַ כאַפּ אַריין, פאַרזשמורעט מיט אַן אייגל און ער קייעט שוין...

מיר האָבן אים אַלע שטאַרק ליב געקראָגן. ווו אַ ליידיקע מינוט, האָט מען פאַרבראַכט אין שטאַל, זיך געשפּילט, געשמועסט מיט אים, ווי מיט אונזערס אַ גלייכן. מיר זענען געוואָרן אַזוי צוגעבונדן צו אים, דער עִיקָר, דער טאַטע. ער שטייט נאָר אויף אינדערפרי, גיט ער אַ רייב איבער די אויגן, און נאָך פאַר נעגל-וואַסער איז ער שוין אין שטאַל.

## ג.

אויף זומער איז לָבָן שוין געווען אַ היפּש פערדל: אַ שיינע אָנגעוואַקסענע גריווע; דער וויידל, עס וואָס געגרייזלט, דערלאַנגט אַזש ביז אונטער די קני. אַז מ'האָט אים דעם ערשטן מאָל אַרויסגעלאָזן אינדרויסן אין אַ וואַרעמען

ליכטיקן פריילינגס-טאָג, איז געווען אַזאַ שׂמחה, פונקט ווי בעת רבֿקהלע האָט אָנגעהויבן אַרומלויפן מיט די קליינע, קרומע פיסעלעך... ער האָט געמאַכט אָנשטעלן, געשטיפט, פאַרריסן דעם עק און זיך געגעבן אַ צי אויס איבערן גאַס מיטן בויך צו דער ערד: אָט-אָט, מיינסטו, זעצט ער זיך, און אַוועק העט, ווייט-ווייט... באַלד קומט ער צוריק, קוקט זיך אַרום, באַטראַכט אַלץ מיט אַ לייכטן פרייען בליק, וואַרפט זיך איבער מיטן טאַטן מיט אַ ווונק, ווי ער וואָלט כּרעגן: האַ? וואָס? מ׳קאָן? און באַקומען אַ געוווּנשענעם ענטפער, האָט ער זיך ווידער אַ לאָז געטאָן, געוואָרפן, געפוצט מיט דעם קעפעלע, פריי געהירזשעט, ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגן: קומט! זעט, ס׳אַראַ ליכטיקע וועלט אינדרויסן!... אַזוי ליכטיק, לופטיק, זאַפטיק און פריי — פריי.

דער טאַטע האָט זיך געשמאָלצן, אַריינגעקלאַפּט אין פענסטער: „ביילע, ביילע! גיכער קוק נאָר אַרויס, וועס׳ו הנאה האָבן", און געשמייכלט אַזוי ברייט, עפענענדיק דאָס מויל, און דאָס גאַנצע געזיכט האָט אים געשיינט פאַר כּרייד.

קינד און קייט האָט לבֿן נאָך זיך אין גאַס אַרויסגערופן. אַלע זענען אַרויס, זיין בייז ווונדער זען. יעדער האָט עפּעס אַנדערש געזאָגט, געגעסן אים מיט די אויגן.

לויפנדיק, האָט לבֿן מיט די ציין אַראָפּגעכאַפּט פון פעשע-ביילעס פּלויט אַ קליין קינדער-קישעלע, וואָס זי האָט אויפגעהאָנגען צום טריקענען. ער האָט געוואָרפן מיט דעם קאָפּ אַהין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, ווי ער וואָלט עמעצן אַרויסגערופן: היי, דו! וואָס האָסטו זיך דאָרט באַהאַלטן? קום אַרויס וועלן מיר זען, ווער פון אונז איז שנעלער!... באַלד איז אין קישעלע אַ לאָך געוואָרן, און די פעדערן האָבן זיך אַזוי לייכט און פריי איבערן גאַס צעטראָגן, האָבן אים איבערגעיאָגט, אין דער הויך צעלאָפן זיך, ווי זיי וואָלטן זיך מיט אים אין אַ שטיף אַריינגעלאָזן: אַנו, ווער וועט וועמען איבעריאָגן?

אין גאַס איז געוואָרן אַ טומל. פעשע-ביילע ברעכט די הענט, מאַכט געוואַלדן און שילט שטילערהייט... און אין גאַס וויל מען אים פאַרהאַלטן, פאַרשטעלט מען אים דעם וועג, צעשפּרייט מען די פּאָלעס טפּר, טפּר, טפּר! מען לאָזט אים פאַרן נאָז אַדורך — און מ׳האַלט זיך פאַר די זייטן לאַכנדיק.

און אַז מ׳האָט זיך אָנגעמאָרדעוועט, און ער האָט די גאַנצע פעדערן געהאַט אויסגעזייט, האָט אָפּגעגאָלטן אים אַריינצוקריגן אין שטאַל....

## ד.

פון דעם טאָג איז ער ווי מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן: שוין כּמעט אַ פערד! די קינדער האָבן אָנגעהויבן זיין פאַרזיכטיק: זיי גיבן אַ שטיקל בייגל, קוקן אים גלייך אין די אויגן און כאַפּן באַלד צו די האַנט. דער טאַטע האָט אים אָנגעטאָן אַ צוים, וואָס ער האָט אַליין אויפגעניייט פון אַלטע לאַבעדריקעס, און אָנגעהויבן פירן אים צום ברונעם אָנטרינקען, ווי ער וואָלט זאָגן: איך האָב שוין מער קיין כּח נישט צו שלעפּן וואַסער פאַר דיר אין שטאַל, דו ביסט נישט קליין אַליין דורכשפּאַצירן זיך צו ברונעם. און לאַבן פלעגט פאַררייסן דעם קאָפּ, זיך אַרומקוקן אין אַלע זייטן און באַטראַכטן, וואָס אַרום טוט זיך, זיך געבן אַ שטעל דיבאָם, אויף די פאָר הינטערשטע פיס, ווי ער וואָלט געקלערט: נו, ווער איז העכער? דערנאָך גראָבט ער מיט אַ פאָדערשטן פוס די ערד, וואָס אַרום ברונעם, שפּריצט אַרויף אַ קליינע פאַרגרינטע לוזשע, וועלכע טריקנט קיינמאָל נישט אויס, פאַרשפּריצט דעם טאַטן פון קאָפּ ביז די פיס. דער קענדיק גריזעט ער דעם עמער, די דוזשקע מיט די ווייסע און שטאַרקע ציין, גיט אים אַ הויב זויף אין דער הייך, אַ טרייסל אין דער לופט און אַ וואָרף אַהין צוזש אויף יענער זייט ברונעם, אַז עס בלייבן פון אים נאָר די קלעפּקעס.

דער טאַטע, אַז ער קומט אין שטוב, נאָכדעם ווי ער האָט לאַבנ׳ן אין שטאַל געבראַכט, אויף זיין אָרט צוגעבונדן, ווישט ער אַרום מיטן האַנטוך דעם פּנים, די זאַכן און קאָן זיך נישט איינהאַלטן, דערציילט מיט פאַרגעניגן: „דו ווייסט, לאַבן האָט אויסגעטרונקען אַ גאַנצן עמער און נאָך אַביסל“.

— זאָל אים זיין צו געזונט“ — ענטפערט די מאַמע.

## ה.

פון טאָג צו טאָג איז לאַבן געוואָרן גרעסער, שטאַרקער און שענער. אין שטעטל האָט מען אָנגעהויבן פיל רעדן וועגן אים. מבינים האָבן געזאָגט, אַז ער וועט אַריין אין די גדולות. אַ לאַנגער, שלאַנקער קערפּער, אַ שיף־פאָרמיקער רוקן, הויכע און צאַרטע פיס, אַ ברייטער, געטאָקטער, לעבעדיקער האַלז מיט אַ קליין פּירקאַנטיק קעפּעלע. געווען איז ער שטיפעריש, רירעוודיק, אומגעדולדיק און פול מיט לעבן.

וואָס אַמאָל איז ער אונז געוואָרן טייערער — ליב און נאָענט, ווי אַן אויג אין קאָפּ. דער טאַטע האָט אויפגעהערט געדענקען אין שטוב: אויף גיך אָפּגעגעסן

וועטשערע אין אַוועק שלאָפן אין שטאַל, זיך פאַרריגלט פון אינעווייניק מיט אַ ריגל, פאַרלייגט אַ שטאַרקע אייזערנע קייט.

אויף בייטאָג, ווען ער דאַרף פון דער היים אָפּפאָרן, האָט ער געקויפט אַ גרויסן ענגלישן שלאָס און אים אויפגעהאָנגען אויף דער שטאַל, און באַלד נאָך מיטאָג, ווי די זון הויבט נאָר אָן אַראָפּצוזעצן זיך, ציט אים שוין, ווערט ער אומרויִק און ער איילט זיך ביז פאַרנאַכט אָנצוציען אַהיים.

אויף ביי.אַכט פאַרט ער פון שטוב ניט אַרויס, מ׳זאָל אים אַפילו אָפּגילטן.

עסן פלעגט ער אים געבן אַליין: די בעסטע גראַנדאָוועע היי, אין דער פרי און אויפדערנאַכט; בייטאָג אַ האַלבן טאָפּ האָבער מיט סיטשקע-גוט אַדורכגעמישט, פאָרזיכטיק דורך די פינגער אַדורכגעזיפּט — עס זאָל זיך דאָרט וואָס ניט געפינען...

אויף איבער אַ יאָר נאָך פּסח האָט מען אָנגעהויבן לערנען לָבָנען אין שפּאַן. עס איז ביי אונז געווען אַזאַ שׂמְחָה! בַּעֲלֵי-עֲגָלות פון שטעטל זיינען צונויפגעקומען, געהאָלפן אים אָנטאָן, איינשפּאַנען, געלערנט, געוויזן, געעֶצהט, נאָר בישט געשלאָגן עס הויבט זיך נישט די האנט — לָבָנען שלאָגט מען נישט — מ׳האָט אים געגלעט, געלאַטשעט, איינגערעדט, נאָכגעגעבן אַלע קאַפּריזן, ווי אַ משוגע-ציטעריק קינד. און אַז ער איז געווען איינגעשפּאַנט אין אַ גרויסן בַּעַל-עֲגָלֶהשן וואָגן און געשטופּט, געדרייט זיך אין די האָלאָבליעס, האָט ער אויסגעזען אַזוי מאָדנע...

קיין בייטש האָט לָבָן קיינמאָל נישט אָנגעזען. ער ווייסט נישט דעם טַעם דערפון. לָבָן האָט בטֶבַע פיינט בייטשן. און איינשפּאַנען פלעגט אים שטענדיק מוזן דער טאַטע, קיין פרעמדן לאָזט ער נישט צו. חֶבְרָה האָבן אים געוואָלט אַמאָל אַריינגאַרן, האָט וועלוועלע יִצחָקס גענומען און אָנגעטאָן דעם טאַטנס לייבל, דאָס היטל, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער, אָפּגעבראָכן אַ שטיק פון דער שַׁבּתדיקער חַלָּה און איז צו אים צוגעגאַנגען. לָבָן האָט געגעסן, זיך צוגעכאַפּט צו דער חַלָּה, זיך געלאָזן אָנטאָן דעם כאָמעט, די שלייעס, אַריינפירן אין די האָלאָבליעס און האָט גענומען שפּאַנען.

אַז ער האָט אָבער געהאַט אויפגעגעסן די חַלָּה האָט ער זיך אומגעקוקט און באַמערקט, אַז דאָס איז אַ פרעמדער. האָט ער געגעבן אַ פאַרלייג די אויען צו דער פּלייצע, פאַרזשמורעט ביז די אויגן, אַ כאַפּ געטאָן מיט די שטאַרקע ציין פאַר אַן אַרבל, אים אָפּגעפליקט, — און אַ לויף אַרויסגעגעבן פון שפּאַן...

## ו.

צו חנוכּה האָט אָנגעהויבן ווערן גליטשיק. נעמט דער טאַטע אַראָפּ אַ מאָס פון די קאָפּיטעס, באַשטעלט פּאָדקאָוועס אויף שרייפלעך, מ׳זאָל נישט דאַרפן אַלע מאָל רייסן און טשוועקעס קלאַפּן, און אַוועק מיט אים צו בערלען אין קוזניע אים אָפּשמידן.

איז זיך מישב לבן און לאָזט זיך נישט צורירן: אַ פוס, זאָגט ער, איז אַ פוס, און שמידן לאָז איך זיך נישט, נישט מיט גוטן, נישט מיט בייזן. ער כאַפּט זיך בייסן, רייסט זיך, כראָפּעט, זעצט מיט די פיס. און ווען עס גילט שוין אָפּ אים צונצוכאַפּן ביי אַ פוס, און דער טאַטע מיט בערלען נעמען זיך שטאַרק און מיט אַלע הענט, הויבט ער אָן פּאַמעלעך צו פירן מיט דער פוס אַהין און צוריק, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס פאַנטאַנדערטרייסלען. דער טאַטע מיט בערלען לאָזן נישט אָפּ, האַלטן שטאַרק און לויפן נאָך מיט דעם פוס, ביז ער גיט מיטאַמאָל אַ צי, אַ רייס אַרויס, און ער בלייבט אומגעשמידט.

דערנאָך האָט מען זיך צוגעוויינט, און לבן גייט נישט געשמידט בעסער, ווי אַנדערע פערד געשמידט. פאַרקערט, עס טוט נאָך הנאה: קיין עין הרע, אַ פערד אַ גבור, אַ שטאַרקער טראָט — מ׳דאַרף אים גאָרנישט שמידן. אַז דער טאַטע איז אויפגערעמט, באַרימט ער זיך: „איר ווייסט? לבנס פוס האָט דאָך קיין פּאָדקאָווע נישט פאַרזוכט״.

## ז.

איין מאָל, אַ טאָג פאַר ערב פּסח, פאַרנאַכט, איז דער טאַטע פון יריד געקומען. אויסגעשפּאַנט, אַוועקגעשטעלט דעם וואָגן אויף זיין אָרט, אויפגעהאָנגען דעם כאָמעט, די שלייערס אין שטאַל אויפן פּלעקל און זאָגט צו מיר:

— ווייסטו וואָס? מע דאַרף לבנען אויף יום־טוב אַביסל אויספּוצן, זאָל ער אויך וויסן פון אַ יום־טוב. מען דאַרף אים די קאָפּיטעס אַרומרייניקן. זיי האָבן דאָך קיין פּנים נישט, זעען אויס ווי צעגאָסענע פּאָמפּעשקעס, אַ וווּנדער — אַ פערד ווייסט נישט, וואָס אַ פּאָדקאָווע איז...

מיר האָבן גענומען לבנען און אַוועק צו בערלען אין קוזשניע.

פריער האָט בערל געבראַווועט מיט גוטן, געגלעט, געלאַשטשעוועט, גערעכנט: אפשר האָט ער פאַרגעסן אָן משוגעת און וועט געבן אַ פוס. דערנאָך האָט ער גענומען אַ פּאָסטראָנעק, אים דורכגענומען דורך דעם מויל איבערן קאָפּ, שטייף

צוגעבונדן און איבערגעדרייט עטלעכע מאָל מיט אַ פּלעקל. דאָס גאַנצע מויל איז געוואָרן צוזאַמענגעדריקט, אין די ווינקלען האָט זיך בלוט באַוויזן. און לָבָן שטייט, רירט זיך נישט. ווי נישט איס מיינט מען. ווי ער וואָלט דאָ גאָרנישט געווען אָדער ער וואָלט זאָגן: אַז איך זאָג ניין – וועט שוין זיין ניין; קאָנט איר מיר אַפילו מיט עפּעס געבן איבערן קאָפּ, איך וועל קיין פוס נישט געבן.

דערנאָך האָט מען אים אַריינגענומען אין אַ סטאַנאָק פון פיר שטאַ־קע סלופּעס, פאַרצאָמט אים מיט פּלעקלעך, וועלכע זיינען צוגעמאַכט צום סטאַנאָק, הויך, שטייף פאַרריסן דעם קאָפּ און פעסט איינגעבונדן. לָבָן האָט צעשראָקן, פאַר־וווּנדערט געקוקט, זיך איינגעהערט, שטייף אָנגעשטעלט די אויערן, ווי ער וואָלט פרעגן: וואָס וועט דאָ זיין? פאַרוואָס מוטשעט מען מיך אַזוי?...

מ'האָט פאַרוואָרפן אַ פּעטליע אויף אַ הינטערשטן פוס, אַריבערגענומען דעם פוס איבער אַ פּלעקל און גענומען רייניקן...

לָבָן האָט זיך צוגעהערט צום קראַצן פון דעם שאָב־מעסער, פון דער פייל; ער האָט אימגעדרייט דעם קאָפּ, פאַרקרימט די אויגן, ביז דער רויטקייט. וואָס אין ווינקלען, און האָט בייז אָנגעקוקט...

פּלוצלונג האָט ער זיך אַ שטאַרקן ריס געגעבן, אַ שפּרונג געטאָן, אַ ועץ מיט די פיס אין סטאַנאָק; ס'האָט זיך דערהערט אַ מגושמדיקער קלאַפּ, אויסגע־מישט מיט ווילדער רעוועריי – אַלע זיינען פאַר שרעק אָפּגעשפּרונגען און אַנידערגעפאַלן.

אַז מ'איז צו זיך געקומען, האָט מען געזען – לָבָן איז געזעסן ווי אַ הונט אויף די הינטערשטע פיס, זיך געשטיקט אויף דעם שטריק, געכאָרכלט, אַרויסגע־שטעקט דעם צונג. באַלד האָט אים ווער מיט אַ האַק די שטריק איבערגעשניטן, – ער האָט אָפּגעאָטעמט, דעם קאָפּ אַ־אָפּגעלאָזן, פאַרדרייט אים צו דער רעכטער זייט, צום בויך, ער איז געבליבן זיצן ווי פריער, נישט גערירט זיך פון אָרט.

דער רעכטער הינטערשטער פוס איז געווען העכער, די קני איבערגעבראָכן...

אַז דער טאַטע עטוואָס איז צו זיך געקומען, איז ער צוגעלאָפן, גענומען דעם פוס אין האַנט, באַטראַכט, שטייף געקריצט מיט די ציין, געקוקט אויף לָבָנען, לָבָן אויף אים... ער האָט אַ וואָרף געגעבן דעם צווּנג, וואָס ער האָט ביז אַהער פאַרגעסן פון האַנט אַרויסצולאָזן, זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ, ווי עס וואָלט אים ווער אומגעריכט פון הינטן מיט עפּעס דעם קאָפּ געפּלעט, און אויף אַלע פיס אַוועק אַהיים...

בערל דער שמיד האָט זיך קוים אויפגעשטעלט, געבליבן שטיין פון דער־ווייטנס, האָט נישט געקענט זיך פון אָרט רירן, געטרייסלט זיך ווי א בלאַט, ווי עס וואָלט אויף אים אַ קדחת אָנגעפאַלן.

און איך האָב אים געגלעט, געהאַלזט, געקושט, געוויינט.

– לָבָן... לָבָן הָאֲרַמִּי...



ש. אש.

# מאָטע דער פורמאַן.

מען רופט אים מאָטע. ער איז א פורמאַן.

און מאָטע האָט נישט אויף דער וועלט קיינעם, אויסער די צוויי ווייסע „שימלען", וואָס ער טרייבט זיי אָן.

זיין היים איז די שטאַל, זיין גאַנצע פאַמיליע זענען די שימלען.

ווער ער איז? פונוואַנען קומט ער אַרויס? נישט ער, נישט פרעמדע ווייסן דאָס. דאָרט אין שטאַל, אין א ווינקעלע אויף א בינטל היי, פארשטעלט מיט צוויי ברעטער, דאָרט, דאַכט זיך אים, איז ער געבוירן געוואָרן און דאָרט וועט ער שטאַרבן.

דעם פאָטער געדענקט ער לַחֲלוּטִין נישט, נאָר דער מוטערס בילד שוועבט אים אָפטמאָל פאַר די אויגן, ווי א שיין פון א קליין גראָשענדיק ליכטל, וועלכעס ווערט באַלד פארלאָשן: איר אַלט

פאַרקנייטשט און פאַרזאָרגט פּנים זעט ער, ווי אין אַ חלום, מיט דעם הייבל, וואָס איז פעסט אַריבערגעצויגן ביז אירע האַלבע אויערן.

אין זייט ער געדענקט, געדענקט ער נאָר די שטאַל און די שימלען.

דאָס זענען זיינע בעסטע פריינט. איז אים אַמאָל עפּעס שווער אויפן האַרצן, נעמט ער אַרום דעם שימלס האַלז און קוקט אין דעם פערדס גרויסע פאַרגלעזערטע אויגן, און אים דאַכט זיך, אַז דאָס פערד פאַרשטייט אים, און עס באַדויערט אים, קוקט אויף אים מיט אַ מינע, ווי עס וואָלט זאָגן: אַ רחמנות אויף דיר, מאָטע, ביסט אַ גוטער ברודער.

און אויך מאָטע פאַרשטייט גוט די פערד. מיט אַ קוק אויף זיי ווייסט ער, וואָס עס פעלט זיי. „אַהאַ, מיינע קינדערלעך זענען מיר שוין הונגעריק! נאָ, נאָ, פּיעשטשעט אייך נישט".

וויפל יאָר מאָטע איז אַלט ווייסט קיינער נישט, אויך ער אַליין ווייסט נישט. ער האָט קיינמאָל וועגן דעם גאָרנישט געקלערט, און אַלע, וואָס קענען אים, מיינען, אַז מאָטע איז שטענדיק געווען אין דער עלטער, תּמיד געווען אַזוי הויך און תּמיד געהאַט אַ געשטופּלטן פאַרברענטן פּנים, ווי אַ לעדער. דאָס פּנים מיט די הענט זיינע האָבן איין קאָליר. אָנגעטאָן גייט ער סיי זומער סיי ווינטער אין דער אייגענער סערמיאַנקע, וואָס מען קען נישט באַצייכענען, וואָס פאַר אַ קאָליר זי האָט; נאָר אין שטיוול קאָכט ער זיך: איבער די גאַנצע פיס ביז אויבן אַרויף מוזן די כאָלעוועס גרייכן, און אייזערנע פּאָדקעוועס מוזן זיי האָבן, עס זאָל קלאַפּן איבער די שטיינער!

מ. בריכהן.

# אַ שווערער ווינטער־וועג.

וואַלד פון הינטן,
וואַלד פון פאָרנט,
אויף די זייטן וואַלד;

און דער פורמאַן
אַלט, באַיאָרנט,
און דאָס פערדל אַלט.

נאַכט פון הינטן,
נאַכט פון פאָרנט,
אויף די זייטן נאַכט;

און דער פורמאַן
שרייט און וואָרנט
און דאָס שליטל קראַכט.

ווייס פון הינטן,
ווייס פון פאָרנט,
אויף די זייטן ווייס;

און דער פורמאַן
בייז, פאַרצאָרנט,
וויאָקעט צייטנווייז.

„וויאָ!" — אַ פייערל
פון ווייטן
קוקט אַהער און ווינקט;

נויגט זיך, בויגט זיך
אויף די זייטן,
הויבט זיך אויף און זינקט.

„וויאָ!" — דאָס פייערל
פונווייטן
קוקט און פליט אַהער;

„זאָל אַן אָבדז
דאָס באַטייטן?" —
גיט דאָס האַרץ אַ קלער.

„וויאָ!" — דאָס פייערל
פונווייטן
פליט און פליט... פאַרביי.

ס'קוקט דער פורמאַן
אויף די זייטן,
וויאָקעט אויפדאָסניי.



מאני לייב.

# ווינטער־בילדער.

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
קומט דער ווינטער און באַשפּינט ער
שטיבער, באַרג און מאַרק און פּלייט
אין אַ שנייִיק ווייסן קלייד.

ווייס און ליכטיק אַ פאַרשנייטער,
און אַ ווייטער און אַ ברייטער,
שטייט אַזוי דער ווייטער וועג
ביז די לינדע פּסח־טעג.

גויים קומען זיך צו פאָרן,
פירן פולע שליטנס קאָרן,
גענדז און האָלץ און שטרוי און היי
אָנגעלאָדן אָט אַזוי.

יידן שמייען אום און לויפן,
דינגען, קויפן און פאַרקויפן,
יעדן יידנס פּנים שיינט:
סאַראַ מאַרק אַביסל היינט!

חבֿרה לויפן אויף די גליטשן,
מאַכן קונצן, הילכן, קוויטשען,
און דער אייז איז בלוי און ווייך,
ווי דער הימל אינדערהויך.

שקצים אין די גרויסע היטלעך
פליען באַרג־אַראָפּ אויף שליטלעך
מיט אַ פייף און אַ געשריי,
קוליע, קוליע — און אין שניי.

יינגלעך ראָיען זיך און שפּילן,
קייקלען קלעצער שניי און קלעפּן
פעטער שנייערס גוט און וויל,
מיט נאָז און מיט אַ מויל.

שטייט אַ יינגל ביי דעם טויער,
רייבט דעם אויער: פעטער שנייער,
זאָלסט אַזוי ביז פּסח שטיין,
ביז מען דאַרף אין חדר גיין.



שלום-עליכם.

# חנוכה-געלט.

ווינטער. דרויסן איז קאַלט; דער פראָסט ברענט — סכּנות; די פענסטער זענען פאַרקאָוועט, באַדעקט מיט שניי, צומאַלט אויפן שענסטן אַרט, און אין שטוב איז וואַרעם — מחיה־נפשות. דאָס זיל-בערנע חנוכּה-לעמפּל שטייט צוגעגרייט נאָך פון בייטאָג. דער טאַטע גייט אום איבערן שטוב, די הענט אַרונטער, און דאַוונט מעריב. אויסגעשטאַנען שמונה־עשׂרה, נעמט ער אַרויס פון טיש-קעסטל אַ וועקסן ליכטל (דעם „שמש"), זאָגט „עלינו" און מאַכט צו אונז (צו מיר מיט מיין יינגערן ברודער מאָטל) אויף לשון־קודש:

— אִי, אָ, נוּ!.. אִמִי! אִמִי!..

איך און מיין ברודער מאָטל לאָזן זיך לויפן ביידע איינס איבערן אַנדערן:

— מאַמע! גיכער, חנוכּה-ליכטלעך!

— אוי, וויי איז מיר, חנוכּה-ליכטלעך! — זאָגט די מאַמע און וואַרפט אַוועק אַלע אַרבעט אין קיך (מען האָט געקוילעט גענז, מען פּרעגלט שמאַלץ, מען האָט געראָשטשיניעט [1] לאַטקעס) און לאָזט זיך לויפן אין שטוב אַריין און נאָך איר — ברײנע די קעכין, אַ שוואַרצע יידענע מיט וואָנסן, מיט אַ פעט פּנים און מיט תּמיד פעטע, אויסגעשמירטע הענט. די מאַמע שטעלט זיך אַוועק אָן אַ זייט מיט אַ פרום פּנים און ברײנע די קעכין בלייבט שטיין ביי דער טיר, ווישט די הענט אינם קויטיקן פאַרטוך, טוט אַ שמיר מיט דער פעטער האַנט איבער דער נאָז פון אונטן אַרויף און לאָזט-איבער אַ שוואַרצן צייכן איבערן גאַנצן פּנים, מיר זענען שטאַרקער פון אייזן,

1) געראָשטשינעט — פאַרזייערט טייג.

איך און מיין ברודער מאָטעל, אַז מיר האַלטן זיך איין און שיסן נישט אויס קיין געלעכטער.

דער טאַטע גייט צו מיטן אָנגעצונדענעם „שַמָש" צום חֲנוּכָּה־לעמפל, בויגט זיך אָן און מאַכט די בְּרָכָה מיטן נִגוּן „בָּרוּךְ אַתָּה!" און לאָזט אויס: „לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל חֲנוּכָּה!"

די מאַמע ענטפערט מיט גרויס יִרְאַת־שָׁמַיִם 1): „בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ, אָמֵן", און ברייַנע שאָקלט צו מיטן קאָפּ און מאַכט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה אַזעלכע פּיסקעס 2), אַז איך און מיין ברודער מאָטל האָבן מוֹרָא אַ קוק טון איינער אויפן אַנדערן.

„הַנֵּרוֹת הַלָּלוּ אָנוּ מַדְלִיקִין" — זינגט דער טאַטע אונטער דער נאָז און שפּאַצירט אַרום הין און צוריק איבערן זאַל, קוקט אויפן חֲנוּכָּה־לעמפל, זאָגט און זאָגט און הערט גאָרנישט אויף צו זאָגן. מיר וואָלטן וועלן, עס זאָל שוין האָבן אַן עק, ער זאָל זיך שוין נעמען צו דער קעשענע, צום בייטעלע. מיר ווינקען זיך איבער, שטופּן־אונטער איינער דעם אַנדערן:

— מאָטל, גיי צו, זאָג אים חֲנוּכָּה־געלט.

— וואָס עפּעס אִ י ך זאָל זאָגן חֲנוּכָּה־געלט?

— אַזוי, וואָרים דו ביזט קלענער, באַדאַרפסטו בעטן חֲנוּכָּה־געלט.

— טאָמער פאַרקערט, דו ביזט עלטער, באַדאַרפסטו בעטן חֲנוּכָּה־געלט?

דער טאַטע הערט גאַנץ גוט, אַז מיר רעדן פון חֲנוּכָּה־געלט, נאָר ער מאַכט זיך, ווי ער הערט נישט. שטיל, נישט געכאַפּט, גייט ער צו צום טיש־קעסטל און ציילט געלט. עס גייט אונז איבער אַ קליין פרעסטל איבערן לייב, עס ציטערן די הענט, עס קלאַפּט דאָס

1) יִרְאַת שָׁמַיִם — גאָטספאָרכטיקייט. 2) מאַכן פּיסקעס — אָנשטעלן די ליפּן צו וויינען.

הארץ. מיר קוקן אויף דער סטעליע, קראַצן זיך אונטער דער פּאָה, מאַכן זיך כּלומרשט, קאַלטבלוטיק, גלייך ווי נישט אונז מיינט מען.

דער טאַטע טוט אַ הוסט.

— המם... קינדער, קומט נאָר אַהער!

— האַ? וואָס איז?

— נאַט אייך חנוכּה=געלט.

באַקומען אונזער חנוכּה=געלט, לאָזן מיר זיך גיין, איך און מיין ברודער מאָטל, פריער פּאַוואָליע [1]), ווי די סטאַטיקעס [2]), און נאָכדעם גיכער און גיכער, מיט אַ שפּרונג אונטער און מיט אַ טענצל, און ביז מיר קומען אין אונזער חדרל אַריין, קאָנען מיר זיך נישט איינ=האַלטן, קוליען זיך איבער דריי מאָל מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, שפּרינגען אויף איין פוס און זינגען:

איינגע ביינגע, סטופּאַ ציינגע;\
אַרצע באַרצע, גאָלע שוואַרצע:\
איימעלע ריימעלע, בייגעלע פייגעלע, — האָפּ!

און פאַר גרויס שׂמחה און התפּעלות גיבן מיר זיך אַליין צו צוויי פּעטש אין די באַקן.

---

מ. ראָזענפעלד.

## די חנוכּה=ליכטלעך.

אָ, איר קליינע ליכטעלעך!\
איר דערציילט געשיכטעלעך,\
מעשׂהלעך אָן אַ צאָל.

איר דערציילט פון בלוטיקייט,\
בריהשאַפט און מוטיקייט —\
וואונדער פון אַמאָל.

1) פּאַוואָליע — פּאַמעלעך. 2) סטאַטיקעס — שטילע קינדער.

ווען איך זע אייך שמינקלענדיק [1]
קומט אַ חָלום פינקלענדיק,
רעדט אַן אַלטער טרוים [2]

„ייד, דו האָסט געקריגט [3] אַמאָל,
ייד, דו האָסט געזיגט [4] אַמאָל”...
גאָט, דאָס גלויבט זיך קוים!

„ס'איז בײַ דיר אַ טאָלק [5] געווען,
בּיסט אַמאָל אַ פאָלק געווען,
האָסט אַמאָל רעגירט [6]!

האָסט אַמאָל אַ לאַנד געהאַט,
האָסט אַמאָל אַ האַנט געהאַט” —
אַך, ווי טיף דאָס רירט!

אָ, איר קליינע ליכטעלעך,
אייערע געשיכטעלעך
וועקן־אויף מיין פיין;

טיף אין הארץ באַוועגט עס זיך,
און מ׳ט טרערן פרעגט עס זיך,
וואָס וועט איצטער זיין?...



# רָחֵל און איר מאַן עֲקִיבָא.

געווען אַמאָל אַ רייכער מענטש אין יְרוּשָׁלַיִם מיטן נאָמען כַּלְבָּא־שָׂבוּעַ. האָט ער געהאַט אַ בַּת־יְחִידָה, וואָס האָט געהייסן רחל. איז איר געפעלן געוואָרן איינער פון איר פאָטערס פאַסטוכער, עֲקִיבָא בֶּן יוֹסֵף, און זי האָט פאַר אים חֲתוּנָה געהאַט. האָט איר פאָטער זיך אָפּגעזאָגט פון איר און ענטזאַקט איר אין יְרוּשָׁה. רָחֵל האָט פאַרלאָזן זיין פּאַלאַץ און האָט זיך באַזעצט מיט איר מאַן אין אַ קליינעם געצעלט הינטער דער שטאָט. געגעסן האָבן זיי נאָר טרוקן ברויט, ווייל עֲקִיבָא איז זייער אָרים געווען. רָחֵל איז

1) שמינקלענדיק = פינקלענדיק. 2) טרוים = חָלום. 3) געקריגט = מִלְחָמָה געהאַלטן. 4) געזיגט = מְנַצֵחַ געווען, בייגעקומען. 5) טאָלק = אָרדנונג. 6) רעגירט = געהאַט אַן אייגענע רעגירונג, אַן אייגענע מלוכה.

אָבער שטענדיק געווען פריילעך און פלעגט נאָך פאַרטרייבן דעם מאַנס שווערע געדאַנקען.

איינמאָל זאָגט רָחֵל צו עֲקִיבָא'ן: „הַלְוַאי וואָלסטו געגאַנגען צו די חֲכָמִים לערנען תּוֹרָה, ווי דו האָסט מיר צוגעזאָגט, וואָלט איך געווען די גליקלעכסטע פון אַלע ווייבער!"

אויפן אנדערן טאָג האָט עֲקִיבָא זיך צעשיידט מיט זיין ווייב און אַוועקגעלאָזט זיך לערנען תּוֹרָה.

איז ער אָנגעקומען אין אַ שטאָט און האָט זיך געזעצט לערנען ביי אַ מְלַמֵּד, וואָס האָט געלערנט מיט די קינדער אַלֶף־בֵּית. עֲקִיבָא האָט זיך ניט געשעמט און האָט געלערנט מיט די קליינע קינדער. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט ער שוין געקענט לייענען און איז אַריבער אין גרויסן בֵּית־מִדְרָשׁ, ווו ער האָט געלערנט תּוֹרָה ביי באַרימטע געלערנטע לייט.

געלעבט האָט עֲקִיבָא פון האָלץ־האַקן. גאַנץ פרי פלעגט ער אויפשטיין, אָנהאַקן אין וואַלד אַ בינטל האָלץ, ברענגען עס אין שטאָט אַריין און פאַרקויפן. ער האָט געלעבט אין אָרימקייט, נאָר ער האָט נישט אויפגעהערט צו לערנען תּוֹרָה גאַנצע טעג און נעכט. און ער איז געוואָרן אַ גרויסער לַמְדָן; ער האָט שוין געקענט בעסער פון אַלע זיינע חֲבֵרִים און איז געוואָרן באַרימט, ווי איינער פון די גרעסטע געלערנטע. מ'האָט אים אָנגעהויבן רופן: רַבִּי עֲקִיבָא.

ס'זענען אַריבער פיל יאָרן; רַבִּי עֲקִיבָא האָט באַקומען אַ שֵׁם אויף דער גאַנצער וועלט און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ציען צו אים תַּלְמִידִים פון אַלע זייטן. די צאָל פון זיינע תַּלְמִידִים איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן ביז פיראַונצוואַנציק טויזנט.

אַז ס'זענען אַריבער פיראַונצוואַנציק יאָר, האָט רַבִּי עֲקִיבָא זיך געלאָזט צוריק קיין יְרוּשָׁלַיִם, צו זיין פרוי רָחֵל. מיט אים זענען

געגאַנגען טויזנטער תּלמידים. אין ירושלים האָט מען דערהערט, — עס קומט רבי עקיבאָ, דער גרעסטער פון די יידישע חכמים; זענען די חשובסטע לייט פון דער שטאָט אים אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן. צווישן זיי איז אויך געווען כלבא־שבוע.

רחל האָט זיך אויך געלאָזט גיין אַנטקעגן רבי עקיבאָן. ווען זי האָט אים דערזען, האָט זי געקושט דעם זוים פון זיין קלייד און געוויינט פאַר שׂמחה. די תּלמידים האָבן זי געוואָלט אָוועקטרייבן, וואָרום זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז זי איז ר׳ עקיבאָס ווייב.

האָט ר׳ עקיבאָ געזאָגט: „לאָזט זי, קינדער! איר זאָלט וויסן, אַז איר האָבן מיר דאָס צו פאַרדאַנקען אי מיין תּורה, אי אייערע; ווען נישט אָט די פרוי, וואָלט איך נישט געווען אייער לערער און איר — מיינע תּלמידים".

רבי עקיבאָ האָט זיך באַזעצט אינם געצעלט פון זיין ווייב, אָפּזאָגנדיק די רייכסטע לייט פון ירושלים, וועלכע האָבן אים איינגעלאַדן אין זייערע פּרעכטיקע פּאַלאַצן. דאָס אָרעמע געצעלט איז געוואָרן העכער פון אַלע שענסטע פּאַלאַצן, ווייל דאָרט האָט געלעבט דער גרעסטער געלערנטער פון די יידן און אַהין פלעגט מען קומען פון נאָענט און וייט צו הערן תּורה און חכמה.



דער נסתּר.

## אַ מעשׂה מיט אַ בער.

כ'האָב אַ מעשׂה צו דערציילן,
ווי ס'אַמאָל אין יענע יאָרן,
ווינטער־צייט, האָלץ צו האַקן
אין אַ וואַלד אַ גוי געפאָרן.

אין אַ גרויסן, אַ געדיכטן,
מיט אַ פערד און מיט אַ שליטן,
האָט פון וועג דאָרט אָפּגעקערט זיך
און געקומען אין אַ מיטן.

און גענומען, צוגעגאַנגען
צו אַ בוים, צו אַ געזונטן,
און מיט האַק און זיך פאַרמאָסטן
צו זיין וואָרצל אים פון אונטן.

און אַ האַק געטאָן אַ רעכטן,
איינס און צוויי—דער גוי קאָן האַקן,
האָט דער בוים גענומען קרעכצן,
און די צווייגן זיינע קנאַקן.

שלאָגט דער גוי, און שפּענער פאַלן,
האַק אין קאַרב און העק אין קאַרבן,
האָט דערזען דער בוים — געקומען
איז זיין צייט איצט שוין צו שטאַרבן.

האָט ער לאַנג זיך נישט געגעבן,
אָבער גוי האָט אים גענומען:
האָט אַ קראַך געטאָן אַ לעצטן
און אַ גסיסה=זיפץ אַ שטומען.

און אַ פאַל געטאָן אַ פּגר,
האָט מיט שפּיץ זיינעם געטראָפן
אין זיין בער וואָס איז געלעגן
און זיין ווינטער=שלאָף געשלאָפן.

האָט זיך אויפגעכאַפּט דער בער דאַן
און פון גרוב אַ קוק געגעבן,
האָט דערזען: דער גוי אַנטלאָפן,
פערד און שליטן ז'נאָר געבליבן.

האָט אַ לאָז געטאָן דער בער זיך,
בוים און צווייגן אויסגעמיטן —
און געוואָלט אויף פערד אַ שפּרונג טאָן
איז אַריין מיט פוס אין שליטן

אין אַ לאָך. און דאָרט פאַרהאַקט זיך,
ביי דעם שליטן=עק, ביים שטאַפּל.
האָט דאָס פערד דערפילט סכּנה,
האָט דאָס פערד געטאָן אַ צאַפּל,

און אַ ריס געטאָן פון אָרט זיך,
און גענומען האָט זיך טראָגן
מיטן בער און מיטן שליטן,
אין דער וועלט אַריין זיך יאָגן;

דורך דעם וואַלד און צווישן ביימער,
און אויף וועגן און נישט=וועגן,
דורך אַ פּחד=בייטש געטריבן,
אַלע אומגליקן אַנטקעגן: —

זאָל זיך טרעפן, וואָס ס'וועט טרעפן,
זאָל עס פאַלן, זיך צעשלאָגן,
אין אַ גרוב, צי אין אַ גראָבן —
פערד וועט לויפן, פערד וועט יאָגן

ווייט און ווילד און פייל פון בויגן!...
אַזוי לאַנג איז דאָס געלאָפן,
ביז דעם וואַלד האָט אויסגעמיטן,
זיך אויף פרייען פעלד געטראָפן.

און דאָס פעלד ליגט ווייט אין שנייען
און דאָס פעלד איז טיף אין ווינטער,
און קיין סימן פון קיין ישוב —
נישט קיין גלאָק און נישט קיין צווינטער.

נאָר אויף איינעם אויף אַ בערגל,
צווישן ווייטן שניי, פאַרבלאָזן,
נאָר געשטאַנען איז אַ צלם,
אַלט, געבויגן און פאַרלאָזן.

ווי עס שטייט אַזאַ מין צלם,
ווינטער-צייט און פאַרוויטער,
אָן אַ שומר און אָן אַ שמירה,
און ווי שטייט, אַזוי זיך שטייט ער.

ביז דאָס פערד דאָרט דורכגעלאָפן,
האָט דער בער דערזען דעם אַלטן
יענעם צלם, האָט גערעכנט,
אַז ביי אים וועט זיך פאַרהאַלטן.

האָט ער אויסגעשטרעקט אַ לאַפּע
און אַ נעם געטאָן דעם צלם,
איז ער פויל געוועזן פון אונטן,
איז ער מיטגעגאַן מיט עולם!

מיטן פערד און מיטן שליטן
און מיט בער אַרומגענומען,
ווי שוין לאַנג אויף אים געוואַרט האָט
און אַצינד איז ער געקומען,

אים פון דאָרטן צוצונעמען,
פון פאַרוויטקייט און פון שנייען,
ר'זאָל אין פעלד אַליין נישט בלייבן
און אין עלנט דאָרט נישט שטייען.

און פון דעמאָלט אָן, דערציילט מען,
שוין פון כּמה-כּמה יאָרן,
תּמיד ווינטער אין די פעלדער
זעט מען בער מיט צלם פאָרן.

פרעגן קינדער, ווילן וויסן:
„און דער גוי ווו ז'הינגעקומען?"
ענטפערט מען זיי — מיטן פרילינג,
מיטן וואַסער איז פאַרשווומען.

און אַ טייל אַזוי גאָר זאָגן:
אַז אין וואַלד איז ער פאַרבליבן.
ווען ער האָט אַ טינט-און-פעדער,
וואָלט זיין לעבן דאָרט באַשריבן.



# די וואַסער-שטוב.

## א.

אַ מורָאדיק גרויסע שטוב, אַזוי גרויס כּמעט ווי ביי אונז צען שטיבער אָדער נאָך מער.

און ווייס איז זי, די שטוב, ווייס ווי מילך, מיט קליינינקע פענסטערלעך אַ סך. די פענסטערלעך זיינען קיילעכיק, פון ריינעם קרישטאָל און מיט רויטן באַצוויקלט.

און קוימענס האָט די שטוב, צוויי גרויסע, הויכע, ברייטע, שוואַרצע קוימענס, וואָס פייפן אַזוי שטאַרק, אַז פון איין פייף אַ גוטן קאָנט איר פאַלן אין חלשות.

און שטיין שטייט די שטוב אויפן וואַסער. אַ וואַסער-שטוב.

דאָס הייסט, נישט זי שטייט, נאָר זי גייט. גיך-גיך גייט זי,— זי לויפט כּמעט. זי שניידט די כוואַליעס אויף צווייען און גליטשט זיך, גליטשט זיך אויפן וואַסער: זי הויבט זיך אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַ־אָפּ — און מיר פאָרן, מיר פאָרן קיין אַמעריקע!

נישט מיר אַליין פאָרן קיין אַמעריקע, מיט אונז פאָרן אַ סך, אַ סך יידן און ווייבער, מיט קינדער און אָן קינדער. און אַלע אין איין שטאָט אַריין. איך ווייס אפילו, ווי אַזוי זי הייסט. „נעיאָרק" הייסט די שטאָט. אַ גרויסע שטאָט! און אַ יידישע שטאָט, אַ שטאָט פון סאַמע יידן.

## ב.

אַך, ווי שיין דאָס איז! אַך, ווי גרויס! און אַך, ווי גוט מיר איז!

דאָ בין איך בעל־הבית. איך און דער קאַפּיטאַן. אַ מענטש אַ גבור. גאָלדענע קנעפּ מיט גאָלדענע „פּאַלעטן" און וואָנסעס מוראדיקע, גראָבע, גרעבער, ווי בערד. אין מיטן אויסגעגאָלט. אויגן — מחיהדיקע. זיי שמייכלען ביי אים שטענדיק. אַפילו דעמאָלט, ווען ער בייזערט זיך. אַ דימענט פון אַ קאַפּיטאַן! איך האָב אים ליב סכּנות! איך האָב אים אָפּגעמאָלט מיט אַ בלייערל אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, ווי ער שטייט און גייט. אַפילו מיט די וואָנסעס. נאָר איך האָב עס צעריסן, — מיין ברודער אליהו זאָל נישט דערזען. ער האָט פיינט מענטשעלעך.

גוט איז נאָר אונז, מיר און דעם קאַפּיטאַן. מיר ביידע האָבן צו שאַפן דאָ אויף אַלצדינג. ער, דער קאַפּיטאַן, הייסט עס, דאָרט אויבן ביי די קוימענס, און איך, מאָטל פּייסי דעם חזנס יינגל, דאָ אויפן צווישן־דעק.

אויף אונז ביידן שטייט די גאַנצע וואַסער־שטוב. די שטוב מיט אַלע אירע קליינע שטיבעלעך מיט דער גאַנצער מאַשינעריע, וואָס קלאַפּט און טראַסקעט און הוידעט און פייפט און קרעכצט.

איטלעכער האָט זיך זיין אַרבעט. דער קאַפּיטאַן אויבן טוט גאָרנישט. ער שטייט נאָר און רעדט דורך אַ רער צו די מאַטראָסן. און די מאַטראָסן — אָנגעטאָן אין לאַמפּאַסנדיקע לייבלעך מיט קיי־לעכדיקע היטעלעך — וואָס מ׳הייסט זיי, דאָס טוען זיי. מ׳הייסט זיי לויפן אַהער — לויפן זיי אַהער. מ׳הייסט זיי לויפן אַהין — לויפן זיי אַהין. מ׳זאָל זיי הייסן שפּרינגען אין וואַסער — וואָלטן זיי אויך געשפּרונגען אין וואַסער.

איך האָט באַדאַרפט זען זייער אַרבעט גאָר אין אָנהויב,ביים ברעג, איידער די וואַסער־שטוב האָט גערירט פון אָרט, וויי־ו־יי! ווי די רוחות ווי די מלאכי־חבלה — אַזוי האָבן זיי געאַרבעט.

קודם־כל האָבן מיר באַדאַרפט דורכלאָזן די זאַכן. אַלעמענס פּעקלעך, אַלעמענס קאַסטנס און אַלעמענס בעט־געוואַנט. „באַגאַזש" ווערט עס אָנגערופן. אפשר צען טויזנט שטיק באַגאַזש. און אפשר מער.

און דאָס אַלצדינג האָט מען באַדאַרפט אַרויפּפּעקלען אַרויף אויפן שיף. אַ גוטע אַרבעט? איר מיינט, מיט די הענט? חס וחלילה? ווי ווערט איר נעמען אַזוי פיל הענט? ס'איז פאַראַן אַ בעסערע עצה.

אַ העלפאַנט האָט איר אַמאָל געזען? אַ העלפאַנט מיט אַ לאַנגן שנאָבל? נו, איז פאַראַן אַזאַ מאַשין, אַ גרויסע מאַשין, וואָס כאַפּט דעם אויפבליק פון אַ העלפאַנט מיט אַ לאַנגן שנאָבל. אָט הויבט זיך אויף דער שנאָבל, דרייט זיך פלומרשט שלעפעריק אויף אַ זייט, לאָזט זיך אַראָפּ פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע. און אַז ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, טוט ער מיטאַמאָל אַ כאַפּ־אויף צען־צוואַנציק־דרייסיק קאַסטנס און קעסטלעך, דרייט זיך אויס צוריק אַרויף און לאָזט זיי אַראָפּ אויפן שיף.

דערנאָך נאָך אַמאָל זיך אויפגעהויבן, נאָך אַמאָל זיך אויסגע־דרייט, אַ כאַפּ געטאָן די קאַסטנס מיט די קעסטלעך און ווידער אויפן שיף.

אָט אַזוי האָבן מיר ביסלעכווייז אַריבערגעפּעקלט דעם גאַנצן באַגאַזש. מיר ביידע, איך און דער קאַפּיטאַן, זיינען נישט אָפּגע־טראָטן ביזן סוף.

דערנאָך האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ביי אונז די רעכטע אַרבעט. גיי ריר אַזאַ מאַשינע פונם אָרט! אַ־אַי, וואָס מיר האָבן צעאַרבעט! דער קאַפּיטאַן איז נישט אָפּגעטראָטן פונם טרייבל. די מאַטראָסן זיינען אַרומגעלאָפן ווי די משוגעים, און איך בין אויפן צווישן־

דעק. די הענט האַלט איך אין די קעשענעס און גיב אַכטונק אויף דער אַרבעט, ווי די וואַסער־שטוב רירט וואָס ווייטער אַלץ שטאַר־קער און אַלץ גיכער. און איך קוק אַראָפּ אין ים אַריין און איך מיין, אַז מיין ברודער אליהו איז גערעכט, וואָס ער האַלט, אַז דער ים האָט נישט קיין גרונט!

ג.

זינט איך לעב, האָב איך קיינמאָל נישט געזען אַזויפיל מענטשן, איך מיין אַזויפיל יידן, ווי דאָ, ביי אונז אין וואַסערשטוב, אויפן צווישן־דעק.

— קיין עין הרע! קיין בייז אויג! — זאָגט די מאַמע, און טרערן שטייען איר אין די אויגן.

אַ סך פון זיי האָבן מיך דערקענט, און אַ סך האָב איך דערקענט. איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז איך האָב זיי געזען, — איך געדענק שוין נישט ווו: צי אין קראָקע, צי אין לעמבערג? מען באַדאַרף אַ פרעג טאָן ביי דער מאַמע, זי קער ווסן. נאָר איך וועל נאָך צייט האָבן שפעטער. דערווייל דאַרף מען פאָרן. האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אייזערנער טומבע רייטנדיק און קוק גאָר אין הימל אַריין.

איך ווייס נישט, צי איז דאָס הימל, צי איז דאָס וואַסער? אָט איז עס, דאַכט זיך, הימל, און אָט איז דאָס וואַסער, און אָט איז דאָס שוין ווידער הימל. און די וואַסער־שטוב מיט אַלע מענטשן און מיט אַלע זאַכן הויבט זיך אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, און מיר פאָרן, מיר פאָ־ן — קיין אַמעריקע!

---

ח. נ. ביאַליק.

# יַם־לידער.

## א.

כ'האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ'האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז?
כ'האָב דעם יַם זיך אָפּגעגעבן:
טראָג מיך יַם צום מוטערס שויס!

און דו, מַעֲרָב־ווינט געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין הארץ מיט אָדלער־פליגל
זוכט שוין לאַנג צו אים א וועג.

ברענג מיך נאָר אהין בשָלום,—
נאָכדעם פלי זיך דיר צוריק,
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע
און דערצייל זיי פון מיין גליק.

## ב.

אָנגעברוגזט האָט דער יַם זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט —
פּלוצים האָט ער זיך צעבייזערט
און ער וויגט זיך שוין און ברומט.

און אָט ליפּן שוין אנטקעגן,
ווילד און בייז מיט ווייסן שוים,
כוואַליעס־לייבן, כוואַליעס־שלאַנגען,
אויסגעוואַקסן פון דעם תהום.

אָט האָט זיך אמאָל געעפנט,
אָט שטייט־אויף א הויכער בארג—
פלאַטער, זעגל! בויג זיך, מאַסטבוים!
דו, מיין האַרץ, בלייבסט פעסט און שטאַרק.

האָסט א גרויסן גאָט אין הימל,
יַמים שפּאַלט ער מיט זיין האַנט;
אויף זיין פליגל מיט זיין שטורם
טראָגט ער דיך צום ליבן לאַנד.



שלום-עליכם.

# דער זייגער.

## א.

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן דרייצן...

מיינט נישט, אַז איך שפּאַס. איך דערצייל אייך גאַנץ ערנסט אַ מַעֲשֶׂה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אין מאַזעפּעווקע, ביי אונז אין שטוב טאַקע, און וואָס איך אַליין בין דערביי געוועזן.

מיר האָבן געהאַט אַ זייגער, אַ וואַנטזייגער, אַן אַלטן, אַלטן ירושה-זייגער פון דעם זיידן נאָך, וואָס דער זיידע האָט אים געהאַט פונם עלטערזיידן, עטלעכע דורות כּסדר, נאָך פון פאַר כמעלניצקעס צייטן. אַן עבירה כ'לעבן, וואָס אַ זייגער איז נישט קיין לעבעדיקז זאַך, אַ שטומע צונג און קאָן נישט ריידן! ער וואָלט דאָס געהאַט צו דערציילן און צו דערציילן!... אין שטאָט האָט אונזער זייגער געהאַט אַ שם פאַרן ערשטן זייגער: „רב נחומס זייגער". מענטשן פלעגן קומען אָנשטעלן אויף אים זייערע זייגערס, וואָרים זיין גאַנג איז געווען דער אמתער, ריכטיקער גאַנג. דאָס איז שוין געווען, זאָג איך אייך, איינמאָל אַ זייגער! זיין קלינגען האָט מען געהערט אין דער דריטער שטוב! באָם!... באָם!... באָם! אויף זיין קלינגען האָט כּמעט אַ האַלבע שטאָט געלעבט: אָפּגעריכט חצות, אויפגעשטאַנען צו סליחות, פרייטאָג צו דער חלה, עֶרֶב שַׁבָּת געבענטשט ליכט, שבת-צונאַכטס אָנגעצונדן פייער, געזאַלצן פלייש וכדומה נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען שייך צו יידישקייט, — הכּלל אונזער זייגער איז געווען אַ שטאָט-זייגער. ער האָט נעבעך געדינט זייער, זייער געטריי, ער האָט זיך קיינמאָל נישט געפּרוּווט שטעלן אַפילו אויף אַ מעת-לעת. ער האָט אויף זיין לעבן נישט פאַרזוכט דעם טעם, וואָס הייסט אַ זייגערמאַכער. דער טאַטע איז אַליין געווען איבער אים דער מייסטער (ער האָט געהאַט אַ „ידיעה אין זייגערמאַכעריי"), אַלע ערב פּסח האָט ער אים פּאַוואָלינקע אַראָפּגענומען פון דער וואַנט, דורכגעריייניקט די געדערים מיט אַ פלעדערוויש, אַרויסגענומען פון אינעווייניק אַ פּאַק שפּינוועבס מיט געמֵיתטע פליגן, וואָס שפּינען האָבן אַהינצו פאַרנאַרט, פאַרפּלאָנטערט און אָפּגעריסן די קעפּלעך, מיט טויטע טאַראַקאַנעס און נעסטלעך, וואָס האָבן אַליין פאַרבלאָנדזשעט אַהין און געהאַט דאָרטן אַ מיתה-משונה... אויסגערייניקט און אויסגעפּוצט, האָט ער אים אויפגעהאָנגען צוריק אויף דער וואַנט און ער האָט געשיינט, דאָס הייסט, זיי האָבן

ביידע געשיינט: דער זייגער האָט געשיינט דורכדעם, וואָס מען האָט אים אויסגע־צוואָגן און אויסגעפּוצט, און דער טאַטע האָט געשיינט, וואָס דער זייגער שייגט.

ויהי היום האָט זיך געטראָפן אַ מַעֲשֶׂה. דאָס איז געווען איינמאָל אין אַ שיינעם, נישט קיין כמאַרנ ם טאָג. מיר זיינען אַלע געזעסן ביים טיש און געגעסן אָנבייסן. איטלעכס מאָל, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן, האָב איך ליב געהאַט צו ציילן און דווקא אויף אַ קול:

— איינס... צוויי... דריי... פיר... פינף... זיבן... עלף... צוועלף... דרייצן... אוי, דרייצן!!

— דרייצן? — רופט זיך אָן דער טאַטע און צעלאַכט זיך: — ביזט אַ שיינער בעל־חשבון, קיין עין־הרע נישט! האָסט אַמאָל געהערט זייגער דרייצן?

— דרייצן, זאָג איך, ווי איך בין אַ ייד, אַז דרייצן!

— דרייצן פעטש וועסטו פון מיר כאַפּן! — מאַכט דער טאַטע צו מיר מיט כעס: — זאָלסט דאָס אַנדערע מאָל נישט איבערחַזֶרן אַזאַ נאַרישקייט. גוי, אַ זייגער קען נישט שלאָגן קיין דרייצן!

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר דערציילן, נחום, — מישט זיך אריין די מאַמע אינמיטן: — איך האָב מורא, אַז דאָס קינד איז גערעכט; מיר דאַכט, אַז איך האָב אויך איבערגעציילט דרייצן.

— שוין! אָט האָסטו דיר די אַנדערע טעג יום־טוב! — מאַכט דער טאַטע און עס ווייזט אויס, אַז ער אַליין פאַלט אויך אריין אין אַ שטיקל ספק. נאָכן עסן גייט ער צו צום זייגער, שטעלט זיך אויף אַ בענקל, טוט אַ פורקע אינווייניק עפּעס אַ רעדל און דער זייגער הייבט אָן צו קלינגען. מיר אַלע זאַלבעדריט ציילן, שאָקלען צו בשעת מעשה מיטן קאָפּ נאָך יעדן קלונג: איינס... צוויי... דריי... זיבן... ניין... צוועלף... דרייצן...

— דרייצן?! — זאָגט דער טאַטע און קוקט אויף אונז ביידן מיט אַזעלכע אויגן ווי ביי אַ מענטשן, וואָס זאָל דערהערן פּלוצלונג, אַז די וואַנט האָט באַקומען לשון און רעדט ווערטער. ער טוט נאָכאַמאָל אַ פורקע דאָס רעדל און דער זייגער קלינגט ווידעראַמאָל — דרייצן! דער טאַטע קריכט אַראָפּ פון בענקל מיט אַ זיפץ, בלאַס ווי די וואַנט, און בלייבט שטיין אינמיטן שטוב, קוקט אויף דער סטעליע, קייט די באָרד און רעדט צו זיך אַליין:

— געשלאָגן דרייצן... וואָס הייסט דאָס? וואָס זאָל דאָס באַטייטן?... ער זאָל זיין קאַליע, וואָלט ער זיך געשטעלט... אָלָא וואָס דען? מוז איך לערנען פשט און זאָגן אַ שפּריזינקעלע?...

— דאַרפסטו חקירהן אַ שפּריזנקעלע? — זאָגט אים די מאַמע, — אַמער

נעמט מען אַראָפּ דעם זייגער און מען מאַכט אים צורעכט, ביסט דאָך עפּעס אַ מייסטער.

— שאַ, אֶפשר ביסטו אויך גערעכט? — ענטפערט איר דער טאַטע און נעמט אַראָפּ דעם זייגער און פּאָרעט זיך מיט אים. ער שוויצט, האָרעוועט אָפּ אַ גאַנצן טאָג און הענגט אים אויף צוריק אויף זיין אָרט. דאַנקען גאָט — דער זייגער גייט ווי עס געהער צו זיין, און אַז עס קומט אַרום האַלבע נאַכט, שטייען מיר שוין אַלע אַרום אים און ציילן אָפּ צוועלף. דער טאַטע קוועלט.

— האַ? קלינגט שוין נישט קיין דרייצן? אַז איך זאָג אַ „שפּריזינקעלע", ווייס איך, וואָס איך זאָג.

— איך זאָג שוין לאַנג, אַז דו ביסט אַ בּרִיָה, — מאַכט צו אים די מאַמע — איך פאַרשטיי נאָר נישט איין זאַך: למאַי כריפּעט ער? ער פלעגט, דאַכט מיר, קיינמאָל נישט כריפּען, ווי ער כריפּעט.

— עס ווייזט זיך דיר אויס! — זאָגט דער טאַטע און הערט זיך צו, ווי דער זייגער כריפּעט, בשעת עס קומט צום קלינגען. ווי אַן אַלטער מאַן, איידער ער באַדאַרף זיך אויסהוסטן, מאַכט ער כיל-כיל-כיל-טררר... און ערשט נאָכדעם: באָם!... באָם!... באָם!... און אפילו דער „באָם" אַליין איז שוין אויך גאָרנישט דער „באָם" וואָס פריער; דער פריערדיקער „באָם" איז געווען אַ פייערלעכער „באָם". אַ לעבעדיקער, און איצט האָט זיך אַריינגעגנבעט אין אים עפּעס אַ מין אומעטיקייט, אַ טרויעריקייט ווי אין דער שטימע פון אַן אַלטן אויסגעדינטן חזן יום כיפּור צו נעילה... וואָס ווייטער ווערט דאָס כריפּען גרעסער און דאָס קלינגען שטילער און אומעטיקער, און דער טאַטע ווערט מָרה שחוֹרהדיקער; מען זעט, אַז עס קרענקט אים, ער האָט דערפון שטילע יסורים, עס עקט זיך אים דאָס חיות און ער קען דערצו גאָרנישט העלפן. עס דאַכט זיך, אַז אָט-אָט וועט זיך דער זייגער גאָר איינגאַנצן אָנידערשטעלן; דער אומרו הייבט אָן צו מאַכן עפּעס מיאוסע תנועות, שיטערע גענג. ער הוידעט זיך אין אַ זייט, פאַרטשעפּעט זיך אַלע מאָל, ווי אַן אַלטער מאַן, וואָס ס'שלעפּט זיך אים נאָך אַ פוס. מען זעט, אַז דער זייגער פאַרקאַטשעט זיך אָנידערשטעלן אויף תמיד, אויף אייביק! אַ גליק, וואָס דער טאַטע קוקט זיך אַרום באַצייטנס און פאַרשטייט, אַז דער זייגער איז דאָ גאָט די נשמה שולדיק; שולדיק איז די וואָג — ווינציק וואָג! און ער טשעפּעט צו צו דער וואָג דאָס אייבערשטע פון שטייסל (אַ משא פון אַ פּאָר פונט). דער זייגער גייט אַוועק ווי אַ מזמור און דער טאַטע ווערט פריילעך, אַ נייער מענטש.

נישט לאַנג געדויערט דאָס אָבער: דער זייגער הייבט ווידער אָן אונטערפוילן זיך, דער אומרו הייבט ווידער אָן צו מאַכן משוגענע העוויות: אַ הוידע אין איין

זייט פּאַוואָליע, אין דער אַנדערער זייט גיך, מיט אַ קרעל — „קכי״. עס קרעלט ביי דער נשמה, עס שלאָגט צום האַרצן! אַ גאַטס רחמנות צו זען, ווי דער זייגער גוסט און דער טאַטע, אויף אים קוקנדיק, צאַנקט, גייט אויס פאַר יסורים, ווערט אויס מענטש. ווי אַ גוטער דאָקטאָר אַ מומחה, וואָס איז זיך מפקיר פונם חולהס וועגן, ווענדט איין אַלע כּוחות, טראַכט צו, ווו ס׳איז פאַראַן אַ מיטל אויף דער וועלט, כּדי צו ראַטעווען דעם קראַנקן, נישט לאָזן אים שטאַרבן, — אַזוי האָט זיך דער טאַטע גענומען ראַטעווען דעם אַלטן זייגער מיט אַלע מעגליכקייטן.

— ווינציק יואָג, ווינציק חיות! — זאָגט דער טאַטע און הענגט אָן אויף דער וואָג אַלע מאָל נאָך און נאָך משא: פריער אַן אייזערנע סקאָווערדע, נאָכדעם אַ קופּערנע קוואָרט, שפּעטער אַ פּרעסל אָן אייזערנעם, אַ זעקעלע זאַמד, אַ פּאָר ציגל. דער זייגער ציט דערפון אַלע מאָל פריש ח״ות און גייט, מיט צרות טאַקע, מיט אַנגסטן, נאָר ער גייט, ביז עס האָט זיך געטראָפן איינמאָל ביינאַכט אַ גרויסער אומגליק.

דאָס איז געווען ווינטער פרייטאָג־צונאַכטס. מיר האָבן אָפּגעגעסן די שבּתדיקע וועטשערע, די געשמאַקע געפעפערטע פיש מיט כריין, די הייסע יויך מיט לאָקשן, דעם פלוימענצימעס, און אָפּגעבענטשט, ווי עס געהער צו זיין. די שבּתדיקע בענטשליכט האָבן נאָך געצאַנקט. די דינסט האָט דערלאַנגט פון אויוון פרישע, וואַרעמע, גוט אויסגעטריקנטע סעמעטשקעס, און עס קומט אַריין די מומע יענטע, אַ שוואַרצחנעוודיקע ווייבל אָן ציין.

— גוט שבּת! — זאָגט די מומע יענטע, — איך האָב געוווסט, אַז ס׳איז ביי אייך דאָ פרישע סעמעטשקעס; דער חסרון, וואָס ס׳איז נישטאָ מיט וואָס צו קנאַקן... ווי געפעלט דיר, מלכּה, די היינטיקע פיש, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי זיי?

די ליכט הייבן אָן אויסגיין. דער שאָטן אויף די ווענט קלעטערט, דראַפּעט זיך העכער און העכער. די סעמיטשקעס טרעשטשען, דער עולם שמועסט, דערציילט מעשיות, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, איינע צו דער אַנדערער געהער זיך נישט אָן. נאָר מער פאַר אַלע רעדט די מומע יענטע.

— שאַ! — רופט זיך אָן די מומע יענטע, — למאי, האָט זיך נישט לאַנג געטראָפן נאָך אַ שענערע מעשה. נישט ווייט פון יאַמפּעלע, אַ ווערסט דריי, זיינען גזלנים באַפאַלן אַ יידישע קרעטשמע, אויסגעקוילעט אַ גאַנצע שטוב מיט מענטשן, אַ פּיצעלע קינד אין וויגעלע אויך. געקוילעט, איבערגעלאָזט נאָר איין דינסטמיידל, וואָס איז געשלאָפן אין קיך אויפן אויוון. זי האָט דערהערט, מען שרייט, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען, דאָס דינסטמיידל, פון אויוון, זי טוט אַ קוק דורך דער שפּאַרינע פון דער טיר, זעט זי, דאָס דינסטמיידל, עס ליגט אויף דער ערד דער באַלעבאָס

מיט דער באַלעבאָסטע געקוילעטע און בלוט אַ גאַנצער טייך. איז זי זיך כּמעט ב, דאָס דינסטמיידל, און שפּרינגט אַרויס דורך אַ פענסטער און לויפט אַיועק גלייך אין שטאָט אַריין מיט אַ גוואַלד: „יידישע קינדער, ראַטעוועט, גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד!!!...

פּלוצלונג, אַזוי ווי די מומע יענטע געוואַלדעוועט דאָ, הערן מיר: טררראַך — טאַראַראַך — באָם — דזין — בים!...

פאַרטיפט אין דער מעשה, האָבן מיר גאָר געמיינט, אַז גזלנים, זיינען אָנגעפאַלן אויף אונזער שטוב און האָבן אויסגעשאָסן פון צען האַרמאַטן, אָדער ס'איז איינגעפאַלן דער דאַך, אָדער ס'איז ערדציטערניש, אָדער אַזוי עפּעס אַן אומגליק געשען. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט רירן פון די ערטער. אַ מינוט האָבן מיר געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע אָן ווערטער און אַלע מיטאַמאָל האָבן מיר אָנגעהייבן צו שרייען: „גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!" — פון גרויס אימפּעט כאַפּט מיך די מאַמע אַרום, קוועטשט מיך צו צום האַרצן און שרייט:

— מיין קינד, מיר זאָל זיין פאַר דיר, וויי איז מיר!

— האַ? וואָס? וואָס איז אים? וואָס איז געשען? — שרייט דער טאַטע.

— גאָרנישט, גאָרנישט! שאַ, שאַ! — שרייט די מומע יענטע און מאַכט מיט די הענט, און דאָס דינסטמיידל לויפט אַריין פון קיך אַ טויטע.

— ווער שרייט דאָ? וואָס איז? עס ברענט? ווו ברענט? ווו?

— ווער ברענט! וואָס ברענט! — שרייט די מומע יענטע אויפן דינסטמיידל:— אָט איז זי אויך דאָ, טאָמער איז קאַרג, נאַ דיר גאָר — סע ברענט! צו אַלדי שוואַרצע יאָר! האָכטו געהערט אַן אַנטיק! וואָס שרייט איר, וועלכע גוטע יאָר? וואָס געוואַלדעוועט איר? טפו אויף מיינע שונאימס קעפּ! מען האָט זיך דאָס אַ ביסל איבערגעשראָקן, טאָמער ווייסט איר וואָס? פאַר אַ קלאַפּ! נישטאָ וועמען צו לאַכן! גאָט איז מיט אייך, דאָס איז דער זייגער, דער זייגער צראָפּגעפאַלן, הייגט ווייסט איר שוין? מען האָט אָנגעהאָנגען אויפן זייגער פון כּל מאמינים שהוא, דריי פּוד משא, איז ער אַראָפּגעפאַלן. וואָס איז דאָס חידוש? להבדיל אַ מענטש וואָלט אויך נישט בעסער געווען! האָסטו געהערט אַ ביסל!

ערשט דעמאָלט קומען מיר צו זיך. אויפגעשטאַנען אייגציקווייז פונם טיש, גייען מיר צו צום זייגער און באַטראַכטן אים, ווי ער ליגט נעבעך מיטן פּנים צראָפּ, אַ דערהרגעטער, אַ צעבראָכענער, אַ צעשמעטערטער, אַ סקאַליעטשעטער אויף אייביק!

— אויס זייגער! — מאַכט דער טאַטע. טויט ווי די וואַנט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ווי בשעת מען גייט צו צו אַ מת אַ בן-מינן. ער ברעכט די הענט

און טרערן שטייען אים אין די אויגן. איך קוק אויפן טאַטן. עס גלוכט זיך מיר וויינען.

— שאַ, זע נאַר, וואָס דאַרף מען זיך אַזוי אָפּעסן דאָס האַרץ? — זאָגט די מאַמע! — מסתמא איז דאָך אַזוי באַשערט, אָנגעצייכנט מִן הַשָּׁמַיִם, אַז היינט אין דערדאָזיקער מינוט באַדאַרף זיין דער סוף זיינער, ווי להבדיל אַ מענטש, גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד, אַ כַּפָּרָה נישט אום שבת דערמאָנענדיק, פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר אונזערע קינדער, פאַר אַלע אונזערע ליבע און געטרייע און פאַר כָּל יִשְׂרָאֵל אָמֵן סֶלָה!...

*

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך געפּלאָנטערט זייגערס. עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אונזער אַלטער זייגער ליגט אויף דער ערד אָנגעטאָן אין ווייסע תּכריכים. עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אַז דער זייגער לעבט, נאָר אויפן אָרט פון אומרו וואַרפט זיך הין און צוריק אַ לאַנגע צונג, אַ צונג פון אַ מענטשן, און דער זייגער קלינגט נישט — נאָר ער קרעכצט, און איטלעכער קרעכץ נעמט ביי מיר צו אַ שטיק געזונט. און אויפן ציפערבלאַט, דאָרטן, וואו איך בין געוווינט צו זען תּמיד דעם XII, דערזע איך מיטאַמאָל אַ ציפער XIII, טאַקע דרייצן — איר מעגט מיר גלויבן אויף נאמנות!...

פּאָלקסרעטעניש: שלאָגט אָן הענט, הענגט אויף די ווענט, גייט אָן פיס. שטייט אויפן טיש. מינוּ משא גייט ער, אָן משא שטייט ער.

---

מאַני לייב.

# גַזְלָנִים.

זומערלעב, זומערלעב ביימעלעך
גרין.
ווינטערלעב ביימעלעך ווייסע...
אָט, קינדערלעך, זעצט זיך אוועק
אַרום מיר,
איך וועל אייך דערציילן אַ מַעֲשֶׂה.

אַז איר וועט שטילינקע זיצן
אַזוי —
איז נעם איך די מַעֲשֶׂה דערציילן:
עס האָבן צוויי ברידער
גַזְלָנִים געלעבט
אין פינסטערן וואַלד אין די היילן.

איינער פון זיי איז אַ יונגער געווען,
דער צווייטער אַן אַלטער אַ בלינדער.
דער אַלטער פלעגט זיצן און היטן די היים,
דער יונגער פלעגט גיין כאַפּן קינדער.

ער פלעגט אַוועק אין אַ פינסטערע נאַכט,
אַ כאַפּ טאָן אַ קינד און אַנטלויפן,
און ברענגען דאָס קינד צו דעם אַלטן אַהיים,
דערנאָך צו ציגיינער פאַרקויפן.

איינמאָל, עס טרעפט אין אַ פינסטערע נאַכט
אין וואַלד האָט אַ שטורעם געוויטערט:
פון שטורעם געקרעכצט יעדער בוים האָט אין וואַלד,
די היילן האָבן אַזש געציטערט.

זענען די ברידער גזלנים ביים טיש
פאַרשיכּורט און פריילעך געזעסן;
זיי האָבן געטרונקען דעם טייערסטן וויין,
די בעסטע מאכלים געגעסן.

פלוצלונג, זיי הערן אַ קינדערש געוויין
צעגייט זיך, פאַרגייט זיך אין שטורעם!
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע אַליין!...״
אַ קינדערש געוויין, אַז אַפילו אַ שטיין
געקענט וואָלט צעגיין פון יסורים.

אָבער דיביידע גזלנים פאַר פרייד,
זיי האָבן געטאַנצט און געשפּרונגען,
פאַר זיי האָט דאָס קינדערש געוויין ווי אַ באַרג
ציגיינערשע רענדלעך געקלונגען.

האָט זיך דער יונגער פון קאָפּ ביז די פיס
מיט העק און מיט מעסער באַהאַנגען,
און איז דורך די היילן צום וואַלד נאָכן קינד
מיט בליציקע אויגן געגאַנגען.

גייט ער אַ שעה און גייט אַזוי צוויי,
און וואָס איז דאָ לאַנג צו דערציילן? —
ער גייט שוין אַרום אַזוי זיבן מעת־לעת
און קען נישט אַרויס פון די היילן.

און אין די גאַנצענע זיבן מעת־לעת,
ווו ער זאָל זיך ווענדן און קערן —

דאָס קינדערש געוויין טראָגט זיך אום דאָ פֿאַר אים,
און וויל גאָר אַנטשוויגן נישט ווערן.

האָט ער די גאַנצע זיבן מעת־לעת
געריסן די היילן, די שטיינער, —
אַז ער האָט צעבראָכן די מעסער און העק,
געריסן האָט ער מיט די ציינער.

וואָס איז דערווייל מיטן בלינדן געשען?
ער איז דאָך אַ שיף אָן אַ רודער?
דער בלינדער האָט גאַנצענע זיבן מעת־לעת,
געוויינט נאָך זיין יינגערן ברודער,

און אויף דער נאַכט פֿון דעם אַכטן מעת־לעת,
דער ברודער איז נאָכנישט געקומען —
האָט אַזוי ביטער און שטאַרק זיך צעוויינט,
ביז ער האָט זיין ראִיה באַקומען.

איז ער זיין ברודער צו זוכן אַוועק:
און ווייט אין אַ הייל אַ פֿאַרדרייטן,
אָן ציינער, די ליפּן צעקרימט און צעלאָמט,
האָט ער אים געפֿונען אַ טויטן.

און ווי ער האָט אים געפֿונען אַזוי
אָן ציינער אַ טויטן דאָ ליגן,
ברעכט פֿלוצלונג דער טויטער אַרויס אַ געוויין:
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע אַליין...“
און ווערט באַלד אויף אייביק אַנטשוויגן.

גרוי ווי דער אַלטער איז פֿריער געווען,
פֿון שרעק איז געוואָרן נאָך גרויער;
און איבערן מת האָט ער זיבן מעת־לעת
געוואַכט אין געוויין און אין טרויער.

און אויף דער נאַכט פֿון דעם אַכטן מעת־לעת,
אין וואַלד איז אַ שטורעם געוואָרן,
האָט ער אַזוי ביטער און שטאַרק זיך צעוויינט,
ביז ער האָט זיין ראִיה פֿאַרלאָרן.

זיצט זיך פֿון דעמאָלט דער בלינדער און וויינט,
און קען נישט אַרויס פֿון די היילן...
און סוחרים, וואָס פֿאָרן אין נעכט דורכן וואַלד,
דערשראָקענע נאָכדעם דערציילן.

אַז ווען מען פאַרט אין די נעכט
דורכן וואַלד,

אַ קינדערש געוויין קען מען הערן,

אַ קינדערש געוויין, אַז אַ שטיין
וואָלט צעגיין:

„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך
בלאָנדזשע אַליין!...“

און וויל גאָר אַנטשוויגן נישט ווערן.

אָבער דאָס וויינט נישט קיין
קינד אינם וואַלד, —

מען לאָזט נישט אין וועלדער
קיין קינדער.

דאָס וויינט נאָר אין פינסטערן
וואַלד אין די נעכט

דער אַלטער דער גזלן דער
בלינדער.

זומערלעב, זומערלעב, ביימעלעך
גרין,

ווינטערלעב ביימעלעך ווייסע.

אַ גלעקל אַריין און אַ גלעקל
אַרויס —

און דאָס איז די גאַנצענע מעשה...



ז. שניאור.

## די ווונדערלעכע זקנה.

ס'איז געווען אַמאָל אַן אַלטע, אָרעמע פרוי. אָנגעטאָן אין אַלטע אָבער ריינע בגדים. זי פלעגט אַרומגיין פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף. איר קאַרגע אויסקומעניש האָט זי געהאַט פון נדבות, וואָס זי האָט געקליבן, און פון די שטיקער ברויט, וואָס גוטע מענטשן פלעגן איר געבן.

אַ מאָדנע איז געווען די אַלטיטשקע, עפּעס נישט אַ געוויינ־לעכע: זי פלעגט קיינמאָל נישט באַדאַנקען די מענטשן, וואָס פלעגן איר עפּעס געבן, ווי דער שטייגער איז ביי בעטלערס; זי האָט

קיינעם נישט געחנפעט, — זי פלעגט זיך נאָר צונעמען דעם גראָשן אָדער דאָס שטיקל ברויט און זאָגן:

— וואָס איר ט״ט, טוט איר דאָס נישט מיר, נאָר זיך.

אין יענער שטאָט האָט געוווינט אַ רייכע פריצטע, אַ מיוחסת, וואָס האָט געהאַט גאַנצע אוצרות גאָלד מיט זילבער. זי איז געווען אַן אַלמָנָה און האָט געהאַט אַ בילד־שיינעם בֶּן־יָחיד, וועלכן זי האָט ליב געהאַט מער, ווי אירע אַלע אוצרות.

אַלע וואָך פלעגט די אַלטע פרוי קומען צו דער פריצטע צו באַקומען פון איר די נְדָבָה, די פריצטע אַליין פלעגט איר די נְדָבָה דערלאַנגען, אָבער די אַלטע פלעגט זיך נישט בוקן פאַר איר, ווי אַנדערע אָרעמע לייט, זי פלעגט נאָר זאָגן איר שטענדיקן שפּראָך:

— „וואָס דו טוסט, האַרינט׳ע, טוסטו עס פאַר זיך“.

די פריצטע פלעגט שטענדיק צושטיין צו איר, זי זאָל איר דערקלערן איר שפּראָך. אָבער די אַלטע פלעגט אַ שאָקל טון מיטן קאָפּ און אַוועקגיין.

איז די פריצטע זייער אין כַּעַס געוואָרן אויף דער אַלטער און האָט געהייסן אויסבאַקן אַ שיינעם קוכן און אַריינלייגן אין אים סַם, און ווען די אַלטע איז געקומען, האָט זי איר דעם קוכן געשאָנקען.

— וואָס דו טוסט, האַרינטע, טוסטו דאָס פאַר זיך — האָט די אַלטע געזאָגט אויף דעם מאָל, ווי איר שטייגער איז געווען.

די אַלטע האָט נישט געוווסט, אַז דער קוכן איז אַ פאַר־סַמטער; זי האָט אין האַרצן געבענטשט די פריצטע פאַר דער מַתָּנָה און זי איז אַוועק אין וואַלד אָפּרוען אַ ביסל. פּלוצים באַווייזט זיך פאַר איר, רייטנדיק אויף אַ פערד אַ יונגער בָּחוּר, גרויסאַרטיק געקליידט. זיין פּנים איז געווען שיין, אָבער בלאַס,

און מיט סִמָנים פון גרויסער מידקייט. די אַלטע האָט נאָך נישט באַוויזן גוט צוקוקן זיך צום יונגן בחור, ווי ער איז פּלוצלונג אַראָפּגעפאַלן פון פערד אין חַלָשות.

די אַלטע האָט אים קוים אָפּגעמינטערט.

— וואָס איז דיר, קינד מיינס? — האָט די אַלטע געפרעגט מיט רַחמָנות.

מיט אַ שוואַכן קול האָט איר דער בחורל דערציילט:

— נעכטן אינדערפרי בין איך אַרויסגעפאָרן אין וואַלד אויף געיעג. איך האָב זיך געיאָגט נאָך אַ הירש. דער הירש איז גע־לאָפן אַזוי גיך, ווי אַ פייל פון בויגן, און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

איך האָב געוואָלט זיך צוריקקערן פון וואַלד, נאָר דאָ האָב איך דערזען, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט... שוין צוויי טעג ווי איך בלאָנדזשע אַרום אַ הונגעריקער, אָן עסן; מיינע כּוחות גייען מיר שוין אויס... איך בעט דיך, אַלטינקע, גיב מיר אַ שטיקל פון דיין ברויט, דו וועסט מיך מחַיֶה זיין... מיין מאַמע, די פּריצטע, וועט דיר באַצאָלן פאַר דיין גוטסקייט צו איר בֶּן־יָחִיד.

— ביסטו דאָס דער היגער פּריצטעס אַ זון? — האָט די אַלטע פאַרוווּנדערט געפרעגט. — איך האָב פון איר אָקאָרשט ערשט געקראָגן אַ פיינע נְדָבָה, אָט דעם קוכן. נאַ, נעם, עס און שטיל דיין הונגער, און איך וועל עסן מיין שוואַרץ ברויט, ווי איך בין געוווינט.

דער יונגער פּריץ האָט איר באַדאַנקט, האָט גענומען דעם קוכן און געגעסן. ער האָט נאָך נישט באַוויזן דעם גאַנצן קוכן אויפצועסן, ווי ער איז שוין אַ טויטער געפאַלן צו דער ערד.

די אַלטע איז געלאָפן אין שטאָט נאָך אַ דאָקטאָר.

מען האָט געבראַכט דעם טויטן פריץ צו זיין מאַמען. די פּריצטע האָט זיך געוואָרפן אויף איר זונס טויטן קערפּער, אים געקושט און ביטער געוויינט.

דאַן ערשט האָט די פּריצטע פאַרשטאַנען דער אַלטערס שפּראַך.

---

י. ל. פּרץ.

# דער סוד.

מאַמעשי, איך וויל דיר אויסזאָגן אַ סוד. אָט זעץ זיך דאָ אויפן שטול, קעגנאיבער דעם פענסטער... גוט אַזוי!

אַך, ווי שיין די זון גייט אונטער, ווי שיין לייגן זיך אירע לעצטע רויטליכע שטראַלן אויף דיין אייד'ל בלאַס פּנים. איצט הער! געדענקסט, מאַמעשי, נעכטן האָסטו מיר קליין־געלט געגעבן? געדענקסט?

איך האָב נאָך גאָרנישט אויסגעגעבן און עס פעלט מיר שוין... עס פעלט מיר אַ צענערל!

צי האָב איך עס פאַרלאָרן? ניין... דו גיסט דאָך מיר פאַר אָרעמע לייט, פאַר אָרעמע קינדער, וואָס איך טרעף אויפן שפּאַציר... אָרעם געלט וועל איך ניט פאַרלירן.

צי האָב איך אַוועקגעגעבן? געוויס... צי אַן אָרעמאַן? איך ווייס נישט.. אפשר יאָ און אפשר נישט... הער וועסטו אפשר וויסן! נעכטן איז אויך שיין אונטערגעגאַנגען די זון, און איך האָב שפּאַצירט הינטער דער שטאָט. דאָרט, ווו מען זעט זי אינגאַנצען אַרויס: בײם טייך. די הייזער הויבן זיך אַלץ העכער און העכער, איינס איבערן צווייטן, איינס איבערן צווייטן; די, וואָס שטייען

ווייטער, ווילן אַריבערקוקן, גאָטס וועלט זען און הויבן זיך וואָס ווײַטער אַלץ העכער און העכער, און די זון, אונטערגייענדיק, קוקט אויף זיי, שפּרייט אויף זיי אויס די לעצטע שטראַלן... גע־זעגנט זיך... קושט זיי... און איך זע, ווי די שאָטנס יאָגן אונטער די שטראַלן, לייגן זיך אַלץ דיקער און טרייבן דאָס רויטלעכע לעצטע ליכט אַרויף, אַרויף, צוריק אין הימל אַריין...
„אין אייער רו אַריין, שטראַלן, אַצינד איז אונזער צייט. אַ גוטע נאַכט!"

און פּאַמעלעך ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער און דער הימל ווערט טיפער און טיפער... באַלד וועלן זיך איינס נאָכן צווייטן אָנצינדן די שטערן... אַזוי קוקנדיק בין איך געקומען צו דער סטאָליאַר־גאַס, צו דער הינטער־גאַס, וואָס לאָזט זיך אַלץ טיפער און טיפער אַראָפּ, ביז צום טייך, נישט ווייט פון דער גרויסער שול.

איך בין צוגעגאַנגען נענטער צו דער שול.

אַ לייכטער, ליבלעכער טונקל־בלויער נעבל האָט זי אַרומ־געגומען. די פענסטער האָבן ערנסט און טיף געקוקט אין דער וועלט אַריין... איך קוק אויף דער שול און אינמיטן — דערהער איך אַ געוויין! אַ שטיל טרויעריק געוויין, זיס און טרויעריק; עפּעס אַזוי האַרציק.

עס איז אַ קליין מיידעלע געוועזן, זי איז געלעגן אויפן זאַמד, האָט עפּעס געזוכט און געוויינט.

אַז איך האָב מיך אַרומגעקוקט, האָב איך נאָר איר אַלט־אָפּגעריבן קליידל ווי אַ טונקל־גרויעם פלעק זיפן געלן זאַמד געזען, אַ פּאָר אויסגעקרימטע שיך... און אַ פּאַליע רויט־פלאַמענ־דיקע האָר.

„וואָס וויינסטו, מיידעלע, וואָס זוכסטו אין זאַמד?"

די מוטער האָט איר אַ צענערל געגעבן, עפּעס קויפן געשיקט; האָט איר עמעץ, דורכגייענדיק, אונטערגעשלאָגן די האַנט, דאָס צענערל איז אין זאַמד אַריין... דעריבער וויינט זי...

איך פרעג זי: „אַ גרויסן צענער, צי אַ ווייס צענערל?"

— אַ ווייס — זאָגט זי, און קוקט זיך אַפילו נישט אום.

— איך וועל דיר העלפן זוכן — זאָג איך.

איך בויג מיך אַראָפּ, מאַך מיך זוכנדיק און געפין איר אַ ווייס צענערל. „נאַ!". זי איז אויפגעשפּרונגען פאַר פרייד און איך האָב דערזען איר קליין אַלבאַסטער-ווייס פּנים מיט אויגן, מאַמעשי, וואָס איך קען דיר נישט אויסמאָלן: עס האָט אין זיי געבליצט אַזויפיל פרייד...

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך מיר די אויגן געחלומט... אַ גאַנצע נאַכט.

אָט דאָס איז, מאַמעשי, מיין גאַנצער סוד.



אנדערסען.

## דאָס ליד פון פייגעלע.

### I.

אין אַ גרויסער שטאָט אין אונגאַרן איז אין אַן ענגער און שטאַרקער תּפיסה געזעסן אַ פאַרמשפּטער. שלעכטע מענטשן האָבן אים אין קייטן פאַרשמידט און אין תּפיסה אַריינגעוואָרפן.

אין דער תּפיסה איז געווען פינסטער, פייכט און קאַלט. אָנשטאָט אַ בעט האָט מען אים אַריינגעוואָרפן נאַסע שטרוי. מען האָט אים נאָר געגעבן ברויט מיט וואַסער. ער איז דאָרט געזעסן פיל יאָרן — אָרעם, קראַנק און אומעטיק. זעלטן פלעגט די זון שיינען אין זיין פענסטער. די פרישע לופט פלעגט נישט אַריינדרינגען צו אים אין תּפיסה. מיט טרויער האָט ער געקלערט וועגן זיינע ליבע קרובים, וועגן זיינע קליינע קינדערלעך; ער האָט געטראַכט: ווער ווייסט, אפשר האָבן זיי שוין אַלע אין אים פאַרגעסן, אפשר מיינען זיי, אַז ער איז טויט. וואָס טוט זיך איצט אויף דער פרייער וועלט, וואָס הערט זיך אינדערהיים?

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. עס איז געווען אַ זעלטענער זומער-אָוונט. די זון איז פאַרגאַנגען הינטערן וואַלד און האָט באַלויכטן מיט רויטליכן שיין די שפּיצן פון די ביימער. מענטשן זענען זיך אומגעפאָרן און אומגעגאַנגען הין און צוריק איבער די גאַסן. די תּפיסה האָט זיך געפונען אינדערהויך, און די מענטשן האָבן אויסגעזען קליינטשקע. ער האָט צו זיי הויך אויפן קול געשריגן, אָבער קיינער פון זיי האָט זיין קול נישט געהערט.

## II.

אויפן בלאָזן הימל זענען אומגעפלויגן פייגלען. פאַרביי זיין פענסטער איז אַדורכגעפלויגן אַן אָדלער.

— אָדלער, אָדלער! — האָט ער אים געווּפן דער פאַרמשפּטער: — זעץ זיך צו מיר אויפן פענסטער, דערציייל מיר, וואָס ס'טוט זיך דאָרט אויף דער ערד, זינג מיר עפּעס אַ ליד.

— ניין, — האָט דער אָדלער געענטפערט: — דיין פענסטער איז קליין, און איך קען זיך נישט זעצן אויף אים. איך וועל דיר

נישט דערציילן, וואָס ס'טוט זיך אויף דער ערד, ווייל זעלטן לאָז איך זיך אַראָפּ. מיינע נעסטן בוי איך אויף די העכסטע פעלזן אָדער אויף די עלטסטע דעמבעס, ווייט פון די שלעכטע מענטשן, כדי זיי זאָלן נישט צעשטערן מיין נעסט. איך וועל דיר קיין לידער נישט זינגען, ווייל איך זינג קיינמאָל אויף דער ערד נישט. איך הויב זיך אויף הויך־הויך און מיינע לידער הערט נאָר די אייביקע זון.

און מעכטיק פּאָכעדיק מיט זיינע ברייטע פליגל, האָט זיך דער אָדלער שטאָלץ אויפגעהויבן צום הימל און איז גיך פאַר־שוואונדן פון די אויגן.

— שוואַן, שוואַן! דערצייל, וואָס ס'טוט זיך אויף דער ערד, זינג מיר אַ ליד!

— ניין, — האָט געענטפערט דער שוואַן: — איך וועל דיר נישט דערציילן, וואָס עס טוט זיך אויף דער ערד. איך שווים שטענדיק אין וואַסער אַרום, אין ריינעם קאַלטן וואַסער צווישן גראָזן. ווען דאָס וואַסער אינדערפרי, איידער די זון גייט אויף, הויבט זיך אָן צו רויטלען, שריי איך דעם זונען־אויפגאַנג: „גוט מאָרגן!" איך וועל דיר נישט זינגען קיין לידער; לידער זינג איך נאָר ווען איך הויב אָן אָוועקשטאַרבן...

און דער שוואַן איז ווייטער געשווומען אין דער לופט און האָט געבלאַנקט מיט זיינע ווייסע פליגל.

— וואָראָבייטשיקלעך! וואָראָבייטשיקלעך! זעצט זיך אויפן פענסטער צו מיר, דערציילט מיר, וואָס ס'טוט זיך אויף דער ערד! זינגט מיר אַ לידעלע!

— טשיליק! טשיליק! מיר האָבן קיין צייט נישט! מיר דאַרפן נאָך פּיקן די קערנדלעך, וואָס דער מילנער האָט אומגערן פאַרשאָטן...

.III

נאָר פלוצלונג האָט אַ שווער געטאָן אַ גראָהינק פויגעלע, עס האָט זיך אַ ווילדע געדרייט הין און צוריק פאַרביי דעם פענסטער און זיך געזעצט אויף דער אייזערנער גראַטע.

— גוט מאָרגן, סאָלאָווייטשיקל! אַ דאַנק דיר, ליב פויגעלע, וואָס דו ביזט צו מיר אין געסט געקומען! דערציילל מיר, וואָס ס'טוט זיך אויף דער ערד, זינג מיר עפּעס אַ לידעלע!

— יאָ, איך וועל דיר דערציילן, וואָס ס'טוט זיך אויף דער ערד, איך וועל דיר זינגען אַ לידעלע, — האָט אָנגעהויבן דער סאָלאָווייטשיק.

און עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן אַזוינע וואונדער=שיינע טענער, אַז דער אָרעמער פאַרמשפּטער האָט פאַר פרייד זיך צעוויינט, אומ=געפאַלן אויפן שטרוי און אַלץ געהערט און געוויינט...

„נעכטן פרימאָרגן, בשעת דער הימל האָט זיך פון דער אויפ=גייענדער זון גערויטלט, — האָט געזונגען דער סאָלאָווייטשיק, — איז געווען אַזוי פריש און קיל. איך בין צוגעפלויגן צו דיין שטיבעלע, זיך געזעצט אויף דעם גרינעם נוסן=בוים נעבן פענסטער און אַלץ געזונגען. דאָס קינד דיינס איז געלעגן אויפן בעטעלע; עס האָט געעפנט זיינע ברייטע ליכטיקע אויגעלעך און געפרעגט: „ווו איז דער טאַטע?" און צוגעהערט מיינע לידער.

„דיינע קרובים וויינען, ווען זיי דערמאָנען זיך אָן דיר. זיי האָבן דיך ליב, זייער ליב, זיי וואָלטן דיך זייער וועלן זען. פאַל נישט אַראָפּ! גאָט זעט דאָך, ווי דו ביזט אומשולדיק! די שלעכטע מענטשן וועלן דיך צוריק אָפּלאָזן און דו וועסט ווערן פריי און וועסט ווידער אַרויס אויף דער ליכטיקער פרייער וועלט!

„עס וועלן דיך האָלזן און קושן דײַנע קינדערלעך, אַ שטילער זומער-אָוונט וועט זײַן, לאַנגע שאָטנס וועלן זיך ציען פֿון די בוימער, די זון וועט אָפּגלאַנצן אין די שויבן פֿון די פֿענסטער; דו וועסט זיצן אויפֿן גאַניק און וועסט די קינדערלעך דערציילן, ווי דו האָסט געליטן דאָ.

„דו וועסט זיי לערנען, קיינעם מיט שלעכטס פֿאַר שלעכטס נישט צו צאָלן, ווען זיי וועלן גרויס ווערן; דו וועסט זיי לערנען, זיי זאָלן נישט זײַן אין כּעס אויף די שלעכטע מענטשן און זאָלן גאָט בעטן, אַז אַלע מענטשן זאָלן איינע די צווייטע ליב האָבן, ווי ברידער...

„און די קינדערלעך וועלן צו דײַנע רייד זיך צוהערן. ווען זיי וועלן ווערן גרויסע, וועלכע זיי זען גוטע, אָרנטלעכע, וועסט זען זיי העלפֿנדיק אָרעמע.

„דו וועסט לעבן לאַנג, לאַנג! דײַנע האָר וועלן גרוי ווערן, אָבער דײַן האַרץ וועט אַלץ פֿרייליך שלאָגן.

„און ווען דו וועסט אַוועקשטאַרבן, וועלן דיך אַלע באַוויינען און תּפֿלה טאָן, און מען וועט דיך אַוועקטראָגן אין אַ ליכטיקן זונענדיקן טאָג אויפֿן גרינעם בית-עולם. איבער דײַן קבֿר וועט מען פֿאַרפֿלאַנצן אַ רויזן-קוסט, און פֿאַרן זונען-אויפֿגאַנג וועל איך אויף אים זינגען".



לאה האָפמאַן.

# דאָס פייגעלע.

זאָגט דאָס פייגעלע: „טשיר טשיר!"
רעדט זיך אויס דאָס האַרץ פאַר מיר:
„עלנט בין איך דאָ אין שטייג,
בענק איך נאָך אַ הויכן צווייג,
בענק נאָך הימל, בענק נאָך לופט,
אין דער ווייטער וואַלד מיך רופט...
כ'זע אַ פויגל דרויסן פליט,
וויל איך פליען, קען איך ניט.
שריי איך, רוף איך! טשיר טשיר טשיר!
הערט זיך קיינער צו צו מיר..."

—„האָסטו גאָר קיין מאַמען ניט?"
—„ערגעץ ווייט מיין מאַמע פליט..."
—האָסטו נישט אַזוי ווי איך
חַבֵרטעס צו שפּילן זיך?
—כ'בין אַליין דאָ טאָג און נאַכט,
פון די דראָטן שטרענג באַוואַכט,
קוק איך פון דעם שטייג אַרויס—
איז דער דרויסן זייער גרויס...
און איך מוז אין ענגשאַפט זיין,
איינגעשפּאַרט אין שווערן פּיין".

און עס בעט מיך: „טשיר טשיר טשיר!—
עפן אויף פאַר מיר די טיר!"
קריך איך אויפן טיש אַרויף,
עפן איך דאָס טירל אויף.
זאָגט עס פריילעך: „טשיר טשיר טשיר"
פון מיין האַרצן דאַנק איך דיר."
— פלי געזונט דאָרט אינדערהויך
און גריס דיין מאַמען אויך!
פליט עס נאָכדעם ווייט און פריי,
פליט די וואָלקנדלעך פאַרביי.

ווערט עס ווי אַ פּינטל קליין,
ביז איך קען עס מער נישט זען,
ס'פליט אין הימל גלייך אַריין,
אַ נשמה מוז עס זיין...
גאָט וועט אין די אָרעמס איר
כאַפּן פונקט ווי מאַמע מיר,
און מיר וועט ער פאַר אַ דאַנק
געבן פליגל אַ געשאַנק,
וועל איך אין די הימלען אויך
פונקט ווי פייגל פליען הויך.

שלום עליכם.

# חבֿר סירקאָ.

## א.

איך מיין, אַז נאָכן נאָמען אַליין איז נישט שווער צו שטויסן זיך, אַז סירקאָ איז געווען נישט קיין מענטש, נאָר אַ הונט, אַ געוויינלעכער הונט מיט אַ גרויער פעל, וואָס דעריבער האָט ער געהייסן „סירקאָ“.

איך זאָג: אַ הונט אַ געוויינלעכער — איך מוז מיך אָבער באַלד פאַרענטפערן, אַז ניין, נישט קיין געוויינלעכער, ווי מיר וועלן עס באַלד געוווירֿ ווערן. פריער אָבער מוז מען זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם הונטס ביאָגראַפיע — פונוואַנען קומט צו אַ יידן אַ הונט? איז אַזאַ מעשה:

אַז נחום וועוויקס איז אַראָפּגעקומען פון שטאָט אין שטעטל אַריין און איבערגענומען די „פּאָטשט“ מיטן הויף, מיט דער גאַנצער באַלעבאַטישקייט האָט זיך אין הויף געפונען דער הונט סירקאָ, נאָך גאָר אַ יונגער, נאָר שוין אַ פאַרשטענדיקער, אַן אמתער „בר־דעת“ — אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט געקענט די נייע באַלעבאַטים.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט די נייע באַלעבאַטים האָט סירקאָ נישט געהאַט קיין שום מגע־ומשא, אין שטוב נישט אַריינגעשמעקט אַפילו. מסתמא האָט מען אים לכתחילה געגעבן אָנצוהערעניש מיט אַ שייט האָלץ איבערן קאָפּ, אַז אין אַ יידישער שטוב זאָל אַ הונט נישט קריכן...

אין קיך האָט ער אויך נישט געטאָרט אַריין. „פרומע די מויד“ מיטן בלינדן אייגל האָט אים „אָפּגעלאָנטשעט“ דערפון סך־הכל

מיט אַן אָקרעפּ זודיק וואַסער, וואָס זי האָט איינמאָל אין אַ עֶרֶב־שַבָּת אויסגעגאָסן אויף אים מיט אַ כּיוון און אָפּגעקאָכט אים אַ שטיק פעל, און דווקא גאָר אין גוטן מוט, און נאָך געלאַכט אויך.

אַרויסגעטריבן געוואָרן אַזוי מיאוס סיי פון שטוב, סיי פון קיך, וואָלט אַן אַנדער הונט אויף זיין אָרט געוויס אָפּגעטראָטן פון דאָזיקן הויף: „לעבט אייך הונדערט און צוואַנציק יאָר"! ניין, סירקאָ איז געווען נישט אַזאַ מין. ער זאָל וויסן — דער טויט זאָל זיין, וועט ער פון הויף נישט אַוועק! דאָ איז ער געבאָרן געוואָרן, דאָ וועט ער פּגרן... וּבִפְרַט, אַז ער האָט געהאַט גוטע מליצים פאַר זיך: די קינדער פון דעם באַלעבאָס. ער האָט נושא חן געווען אין זייערע אויגן, כאָטש פרומע האָט זיך געפלייסט אים צו פאַר־מיאוסן. אַ סך, אַ סך הינט וואָלטן זיך ווינטשן האָבן אַזאַ אויס־קומעניש מיט אַזעלכע קעסט, ווי סירקאָ האָט געהאַט. פונם שענסטן און פונם בעסטן האָבן אים חֶבְרֶה אַרויסגעטראָגן אין די קעשענעס, פאַרשטייט זיך, בסוד־סודות, אַז קיינער זאָל נישט זען אָן אַפילו נישט אָנשטויסן זיך, ווארים ס'וואָלט געקאָנט זיין זייער מיאוס פאַרביידע צדָדים. סירקאָ האָט שוין געוווּסט די צייט פון „אָנבייסן", פון „וואַרמעס" און פון „וועטשערע", און האָט שוין אַרויסגעקוקט מיט אַלע אויגן, ווען וועט מען אים שוין אַרויסטראָגן פון אַלע גוטע זאַכן. ער האָט שוין געוווּסט אַפילו, ביי ווּעמען אין וואָסער קעשענע אָנצושמעקן און האָט שוין אַליין געשטופּט די מאָרדע אַהין — אַ הונט אַ חָכָם!

הײנט די קונצן, וואָס חברה האָבן אים אויסגעלערנט! אַנידער־לייגן אים, לְמָשָׁל, אויפן שפּיץ נאָז אַן אָפּגעלעקטביינדל, אָדער אַ שטיקל ברויט, און זאָגן אים. „ניע רוש"! (געוויינטלעך, רעדט מען מיט אַ הונט אויף גויִיש) — וועט ער אייך וואַרטן מיט

דֶרֶך־אֶרֶץ וויפל איר ווילט, ביז ער וועט דערהערן דאָס גוטע וואָרט: „האָם״! דעמאָלט טוט ער אַ שפּרונג אונטער און—פּאַרטיק.

ב.

ווינטער בײַנאַכט, ווען די קינדער גייען אין חֵדֶר אַריין, האָט זיך סירקאָ ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף זיינע חֲבֵרים, און אַלעמאָל, אַרום אַ זייגער ניין, איז ער אויסגעוואַקסן אונטערן פענסטער, געשאַרט מיט די לאַפּעס איבער די געפּראָרענע טאַפֿליס — אַ סימָן, אַז ס׳איז שוין צייט צו פאַרמאַכן די סְפָרִים און גיין אַהיים עסן „וועטשערע״. ביים רֶבִּין איז סירקאָ געווען, לְהַבְדִיל, אַ זייגער. „נישט אַנדערש — האָט ער געזאָגט — אַז אייער הונט איז אַ גִלְגוּל״! — און געלאָזט די קינדער פריי נעמען די פּאַפּירענע, מיט שמאַלץ באַשמירטע לאַמטערנעס, און גיין אַהיים האָפּערדיק, מיט די פריילעכע יָוָונישע לידער, סאָלדאַטסקע ניגונים.

סירקאָ איז געלאָפן אויף צו פריער און פאַר גרויס פרייד און התפּעלות געשפּרונגען און געקאַטשעט זיך אין שניי — און אַלץ צוליב די שטיקלעך ברויט מיט די אָפּגעלעקטע ביינדלעך פון דער וועטשערע.

וויפל מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אויפן האַרצן איז וויסט, אויף דער נְשָׁמָה סומנע, אינדערהיים געכאַפּט אַ פּסַק, אין חֵדֶר פאַרבע־סערט, — דעמאָלט פאַרקלייבט זיך שָׁלוֹם נָחוּם וועוויקס ווייט אין גאָרטן, אויף יענער זייט ביימער — און סירקאָ מיט אים. דאָרט, אונטערן פּלויט, אויף אַ בערגל מיסט, זעצט ער זיך אַוועק מיט זיין געטרייען סירקאָ, וואָס ציט אויס די מאָרדע, קוקט גלייך אין די אויגן אַריין, ווי אַ זינדיקער מענטש. „וואָס קוקט ער? וואָס טראַכט

ער בעת-מעשׂה? פאַרשטייט ער טאַקע יעדע זאַך, ווי אַ מענטש? האָט ער אויך אַ נשמה, ווי, להבדיל, אַ מענטש?"...

„פאַרוואָס=זשע איז ער אַ הונט און איך אַ מענטש?"... — אַזוי טראַכט ער זיך, שלום, און ער קוקט מיט רחמנות און, צו גלייכער צייט, מיט דרך-ארץ אויפן הונט, און דער הונט אויף אים, ווי זיינער אַ גלייכן. אַ הונט אַ חבר! אַ טייערער, אַ געטרייער חבר—סירקאָ!...

ג.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגן, אַז סירקאָ איז געווען אַ הונט אַ חכם, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווער עס האָט אים מער ליב פאַר אַלעמען, און דעריבער איז קיין חידוש נישט, וואָס מער ווי צו אַלע קינדער האָט זיך סירקאָ דער הונט צוגעבונדן צו שלומען, געשלאָסן מיט אים חברשאַפט אָן ווערטער און ליב געהאַט, און טאַקע באמת גרייט געווען זיך מפקיר צו זיין פאַר זיין חבר און פאַר זיין האַר. אַ שטומע צונג — נישט געווען בכוח דאָס אַרויסצובאַווייזן, איבערגעבן מיט ווערטער, האָט ער עס אַרויסבאַוויזן, ווי אַ הונט, מיט זיין שפּרינגען און מיט זיין קוויטשען און מיט זיין וואַרפן זיך פאַר אים אין דער ערד אַריין אויף זיין הינטישן שטייגער. ס'איז גענוג געווען איין וואָרט, אַז זיין חבר און זיין האַר זאָל אים אַ זאָג טאָן: „נאַ מיעסטאָ!" — זאָל סירקאָ אַוועק ווי אַ סטאַטיק און ליגן, ווי אַ קעצעלע, שטיל, און נאָר מיט איין אייגל לאָקערן, אַכטונג געבן, וואָס זיין האַר טוט.

צווישן „האַר" און זיין „קנעכט" סירקאָ איז געווען אַ שטילע ליבע, און דער האַר האָט בשום אופן נישט געקענט פאָרשטעלן זיך, וואָס וועט זיין, אַז סירקאָ וועט נישט זיין. וואָס הייסט, ער

וועט נישט זיין? ווי איז דאָס מעגלעך? סירקאָ איז דען אַ מענטש, וואָס זאָל אָוועקפאָרן און פאַרגעסן דעם זיי־געזונט?... וויפל מאָל האָבן גוים געפּרוווט פאַרנאַרן סירקאָן צו זיך אין דאָרף אַריין, — איז ער דען נישט געקומען צו לויפן אויף מאָרגן אַ פאַרסאָפּעטער מיט אַן אַרויסגעשטעלטער צונג און געוואָרפן זיך און געקאַטשעט זיך און געשפּרונגען צו זיין האַר אויפן האַלז און געקוויטשעט און געלעקט אים דעם קאָלנער, און מ׳וואָלט געמעגט שווערן, אַז טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן.

און דאָך... און דאָך איז געקומען דער טאָג, יענער פינסטערער ווייסטער טאָג, וואָס דער גוטער געטרייער סירקאָ איז אַוועק, אַוועק אויף תּמיד, אויף אייביק, און אַזוי אומגעריכט אַוועק, אַזוי מיאוס־פאַרדראָסיק, אַזוי מוראדיק־טראַגיש־טרויעריק!

זומער האָט זיך געטראָפן דידאָזיקע טרויעריקע געשיכטע, אום סאַמע תּמוז. דאָס איז געווען אַ זומער פון שרעקלעכע היצן, אָן אַ טראָפּן רעגן — מענטשן זענען ממש אויסגעגאַנגען פון היץ. און דאָס ווייסט איר דאָך, אַז אין די גרויסע היצן זענען די הינט מסוכן — זיי ווערן משוגע.

איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז אַ הונט איז משוגע געוואָרן און האָט צעביסן נאָך עטלעכע הינט, מ׳ווייסט נישט וועלכע. איז געפאַלן אַ פּחד אויף די שטאָט־לייט, און מ׳האָט זיך אַ נעם געגעבן צו די הינט פון שטאָט. מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט, גאָט ווייס פונוואַנען, צווי קאַצאַפּעס, הינטשלעגערס, אָנגעוואָפנט מיט גראָבע שטריק און מיט אייזערנע קרוקעס, און די קאַצאַפּעס האָבן זיך אַ נעם געגעבן צו דער אַרבעט. אין איין טאָג האָבן דידאָזיקע תּלינים אַוועקגעלייגט אַ פּאָר צענדליק הינט. אויפן קוק האָבן זיי אייך געקענט אָפּשאַצן, וועלכער הונט ס׳איז משוגע און וועלכער נישט.

ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַ שטייגער, אַז דער גורל וועט פאַלן אויף דעם גוטן, קלוגן, סטאַטעטשנעם סירקאָ?

אַ סבֿרה, אַז די קאַצאַפּעס האָבן באַקומען פון דער שטאָט זייער לוין נאָך דער צאָל פון די אויסגעהרגעטע הינט, און ווײַבאַלד אַזוי, איז גאַנץ מעגלעך, אַז ס׳זײַנען געווען נעבעך אַ סך אומ־שולדיקע קרבנות — און סירקאָ איינער פון די ערשטע.

פון דעם אומגליק זײַנען די קינדער געוווירר געוואָרן שוין לאַחר המעשה, קומענדיק פון חדר אַהיים — און זיי האָבן אויפ־געהויבן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין שטוב. „סטייטש, סירקאָ... סטייטש, ווי האָט מען עס דערלאָזט אַזאַ מעשה!"...

פאַרשטייט זיך, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעלאָזט מיאוס. „חדר־ייִנגלעך זאָלן האָבן השגה אין זיינען האָבן הינט!..."

און מען האָט זיי מכבד געווען מיט רעכטע פעטש.

נאָר דאָס אַלצדינג איז געווען גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס סירקאָ איז נעבעך אומגעקומען אומזיסט־אומנישט!

מער פון אַלע איז געווען דערשלאָגן סירקאָס ליבלינג — שלום. דער האָט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד נישט געגעסן, עטלעכע נעכט נישט געשלאָפן, געקאַטשעט זיך אויף אַלע זײַטן, געזיפצט און געקרעכצט שטילערהייט, נישט געקענט מוחל זײַן די שלעכטע בייזע מענטשן, וואָס האָבן נישט אין זיך קיין קאַפּל רחמנות, קיין צער־בעלי־חיים, קיין טראָפּן יושר. און עס קומט אים אויפן זינען סירקאָ מיט די קלוגע גוטע אויגן, און ער פאַלט צו מיטן פּנים צו דער קישן און באַנעצט זי מיט ביטערע, ביטערע טרערן.



יהואש.

# ווינטער.

קינדער טאַנצן אין די בעטן,
טוען אָן זיך, וואָס געשווינטער,
נישט אַ רגע צו פאַרשפּעטן:
ווינטער, ווינטער, מלך ווינטער!
— „מאַמע, מאַמע, קום אַרויס,
זע די טורעמס קעגן הויז,
אַלטער, קאַלטער זיידע פראָסט
האָט פאַרגעסן און געלאָזט
אויף דער ערד זיין ווייסן קיטל"...
אָנגעוויקלט ווי אַ קנויל,
און געכאַפּט אַ ביס אין מויל,
און פון אַלקערל דאָס שליטל,
הענדום פּענדום פון די שטיגן,
און חברים באַלד געקריגן,
און אַ שאָט זיך פון די הייזער,
און דערנאָך פון באַרג אין טאָל
פליען אַלע מיטאַמאָל.
שפּרינגען אין דעם ווייכן שניי
יונגע מאַמעס הינטער זיי,
ווער אַהער און ווער אַהין;
מיט געשפּאַסן און געלעכטער,
העלפן אונטער קליינע זין,
פירן אונטער קליינע טעכטער.

און אַ גליטש מיט זיי צוזאַמען,
אויגן פינקלען, אויגן פלאַמען, —
און דער פראָסט באַפּוכט מיט פּודער...
ווערט אַ ליאַרעם און גערודער, —
אַ געשפּאַן פון שליטלעך פּאָרט,
זיבן אין אַ ריי געפּאָרט,
און אַ מאַמע אויבנאָן
אין אַ גרינעם קאַפּושאָן
פירט און קערעוועט דעם צוג;
און אינמיטן, טו אַ קוק,
גלייך פון הינטן זאַלבעצענט
אַ געפּלעכט פון פיס און הענט,
און אַריין אין סאַמע מיטן,
קערן איבער זיך די שליטנס...
ליגן קינדער איינגעקנאָטן
אין די גריבער שניי ווי קראָטן,
ברוין און געל און גרין און ווייס,
אויסגעמישט מיט פראָסט און אייז,
הענטשקעס, היטלעך, שיך און שאַלן...
שרייט אַ קליינע „עסקימאָ",
אָנגעפּעלצט אין רויט און בלאָ:
„קינדער, לאָמיר ווידער פאַלן!"...

א. דאָדע.

# סעגענס ווייס ציגעלע.

## I.

אך ס׳אַראַ שייניגקעס איז געווען דאָס קליינינקע ציגעלע סעגענס, ווי שיין האָט עס אויסגעזען מיט זיינע צאַרטע אויגן, מיט זיין שפּיציק בערדל, מיט זיינע שוואַרצע און גלאַנצנדיקע טלאָען, מיט זיינע געשטרייפטע הערנערלעך און מיט זיין לאַנגער ווייסער וואָל, וואָס האָט עס, ווי מיט אַ מאַנטל, איינגעהילט. דערצו איז עס נאָך געווען אַ שטילינקס און אַ מילדס, האָט זיך רויִק געלאָזט מעלקן און ניט געקראָכן מיט די פיסלעך אין מעלקשעפל אַריין.

דאָס איז געווען אַן אַנטיקל אַ ציגעלע...

סעגען האָט הינטערן שטיבל זיינעם געהאַט אַ שטיקל פעלד, וואָס איז אַרום און אַרום פאַרוואַקסן געווען מיט דערנער־קוסטעס. אַהינצו האָט ער אָפּגעפירט זיין ציגעלע. אויף דעם בעסטן שטיקל פּלאַץ האָט ער עס דאָרט צוגעבונדן אויף אַ לאַנגן שטריקל צו אַ פלעקל און פלעגט אַלע מאָל קומען אַ קוק טאָן, וואָס מאַכט עס. דאָס ציגעלע האָט אויסגעזען זייער גליקלעך, האָט פריילעך געצופּט מיט די ציינדלעך דאָס גראָז, און סעגען האָט געקליבן נחת.

איין מאָל האָט דאָס ציגעלע זיך פאַרקוקט אויף די בערג און אַ טראַכט געגעבן:

— ווי גוט דאַרף זיין דאָרט אין דער הייך! ס׳אַראַ פאַרגעניגן דאַרף זיין אַרומצושפּרינגען דאָרט אין גראָז אָן אָט דעם מיאוסן שטריקל, וואָס רייבט אָן דעם האַלז און אַקן! דאָס פּאַסט נאָר פאַר אַן אייזל, אָדער פאַר אַן עקסל זיך צו פיטערן אויף אַן אָפּגעצוימטן פּלאַץ. ציגן דאַרפן האָבן אַ פריי פעלד.

פון דעמאָלט אָן איז אים נמאס געוואָרן דאָס גראָז פונם אָפּגעצוימטן שטיק פעלד. עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ בענקעניש, עס איז געוואָרן דאַגער, האָט אויפגעהערט געבן מילך. עס איז געווען אַ רחמנות צו זען, ווי עס האָט אַ גאַנצן טאָג געצופּט דאָס שטריקל, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די בערג, צעשפּרייט די נאָזלעכער און טרויעריק געמעקעט.

סעגען האָט זיך געכאַפּט, אַז עפּעס איז דעם ציגעלע זיינעם, נאָר ער האָט ניט געוווסט וואָס...

איין מאָל אין דערפרי, אַז ער האָט עס אויסגעמאָלקן, האָט זיך עס אויסגעקערעוועט צו אים און אַ זאָג געטאָן אויף זיין לשון:

— הערט נאָר, בעל־הבית, ס'מיר אומעטיק ביי אייך, לאָזט מיך אָפּ אין די בערג.

— אַך, גאָט מיינער, דאָס אויך! — האָט סעגען דערשראָקן אויסגעשריגן און פון גרויס שרעק האָט ער איבערגעקערט דאָס מעלקשעפל און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז נעבן זיין ציגעלע.

— בלאַנקעטע, וואָס הייסט, דו ווילסט מיך אַוועקוואַרפן?

בלאַנקעטע האָט געענטפערט: — יאָ, הער סעגען.

— וואָס, ס'פעלט דיר דען גראָז?

— אָ ניין, הער סעגען.

— אפשר איז דאָס שטריקל צו קורץ? ווילסט, וועל איך צובינדן אַ לענגערס.

— ניט כדאַי די טירחה, בעל־הבית.

— וואָס־זשע דען דאַרפסטו, וואָס זשע ווילסטו?

— איך וויל גיין אויף די בערג, הער סעגען.

— צו ווייסטו דען ניט, אומגליקלעכע, אַז אויף די בערג געפינט זיך דער וואָלף? וואָס וועסטו טאָן, ז.ז ער וועט אָנקומען?

— איך וועל אים געבן אַ שטויס מיט די הערנער, הער סעגען.

— דער וואָלף לאַכט זיך אויס פון דיינע הערנער. ער האָט שוין גענוג ציגן מיר אויפגעפרעסן, און מיט אַ ביסל גרעסערע הערנער, ווי דיינע. געדענקסט די אָרעמע אַלטיטשקע רענאַד, וואָס איז דאָ געווען פאַראיאָרן? ס'אַראַ גרויסע ציג דאָס איז געווען, און אַ מין שטאַרקע און בייזע, ווי אַ באָק! אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך געראַנגלט מיטן וואָלף. און אין דער פרי האָט זי דער וואָלף פאָרט אויפגעפרעסן.

— אומגליקלעכע רענאַד, נעבעך! אָבער דאָס מאַכט ניט אויס, הער סעגען, לאָזט מיך אַוועקגיין אויף די בערג.

— גאָט מיינער! — האָט סעגען געזאָגט — וואָס איז געוואָרן מיט מיינע ציגן? אָט וועט דער וואָלף נאָך איינע פאַרצוקן. אָבער ניין! איך וועל דיך מציל זיין, הגם דו ווילסט ניט. און כּדי דו זאָלסט זיך ניט אָפּרייסן פון שטריקל, וועל איך דיך אויף שטענדיק פאַרשפאַרן אין שטעלכל.

און סעגען האָט אַוועקגעטראָגן דאָס ציגעלע אין פינסטערן שטעלכל און האָט פאַרשלאָסן די טיר אויף אַ צווייענדיקן שלאָס. צום אומגליק האָט ער פאַרגעסן, אַז דאָרט איז פאַראַן אַ פענסטערל, און ווי נאָר ער האָט זיך אָפּגעקערעוועט, האָט די ציג זיך אַרויסגעכאַפּט פון דאָרט.

## .II

אַז דאָס ציגעלע איז געקומען אין די בערג אַריין, איז דאָרט געוואָרן אַ גרויסע פרייד. די אַלטע סאָסנעס האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שיינהייט. מ׳האָט זי אויפגענומען ווי אַ קליינע פּרינצעסין. די קאַשטאַנען־ביימער האָבן זיך אָנגעבויגן ביז צו דער ערד, כּדי צו גלעטן די ציג מיט די שפּיצן פון זייערע צווייגן. די גאָלדענע גרעזעלעך האָבן פאַר איר געמאַכט אַ וואַרע, בעת זי איז געגאַנגען, און האָבן פאַרשפּרייט בשׂמים־ריחות, וויפל זיי האָבן נאָר געקאָנט. דער גאַנצער באַרג האָט זי אויפגענומען יום־טובֿדיק.

איר שטעלט זיך פאָר, ווי אונזער ציג איז געווען גליקלעך! נישטאָ מער קיין שטריקל, נישטאָ מער קיין פלעקל! נישטאָ מער, וואָס זאָל זי נישט לאָזן שפּרינגען, רייסן די בלעטלעך, ווי איר גלוסט זיך. און וויפל גראָז איז דאָ פאַראַן! העכער איבער די הערנער! און וואָס פאַר אַ גראָז! געשמאַקס, דינ־נקס, מיט שפּיצן, טויזנטערליי מינים... אַ ביסל בעסר גראָז, ווי דאָרט אויפן אָפּגעצוימטן פּלאַץ! און וויפל בלומען! גרויסע, בלויע גלעקעלעך, פּורפּורנע פינגערהוטן מיט לאַנגע בעכערלעך — אַ גאַנצער וואַלד מיט ווילדע בלומען, וואָס פון זייער שטאַרקן זאַפט פאַרדרייט זיך דער קאָפּ. דאָס ווייסע ציגעלע, וואָס איז געווען אַ ביסל פאַרשכּורט, האָט זיך געוואַלגערט איז גראָז מיט די פיס אינדערלופטן, און האָט זיך אַראָפּגע־קוילערט אינאיינעם מיט די אַראָפּגעפאַלענע בלעטלעך און קאַשטאַנען באַרג־אַראָפּ... דערנאָך האָט זי מיטאַמאָל מיט איין שפּרונג זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס: האָפּ! און זי איז אַוועק ווייטער מיט אַן אויסגעצויגענעם קאָפּ איבער די געדיכטע קוסטעס און קליינע בוקס־ביימעלעך; אָט פליט זי אַרויף ביזן סאַמע שפּיץ באַרג, און אָט לאָזט זי זיך אַראָפּ אין אַ טיפער גרוב; אַרויף, אַראָפּ, אומעטום. עפּעס האָט דאָס אויסגעזען, גלייך ווי נישט איינע, נאָר גאַנצע צען ציגן זייגען אַנטלאָפן פון סעגענען.

בלאַנקעטע האָט פאַר קיין שום זאַך מורא נישט געהאַט.

מיט איין שפּרונג איז זי אַריבער ברייטע בערג־שטראָמען, וואָס האָבן זי באַשפּריצט מיט כייכטן וואַסער־שטויב און שוים. דערנאָך האָט זיך זיך, אינגאַנצן אַ נאַסע, פאַרקליבן אויף אַ גלאַטן שטיין און זיך גענומען טריקענען אויף דער זון. איינמאָל איז זי צוגעלאָפן מיט אַ בלימעלע אין מויל ביזן ראַנד פון פלאַכן באַרג און האָט מיטאַמאָל דערזען אונטן, דאָרט גאָר־גאָר אונטן, סעגענס שטיבל מיטן פעלדל הינטער דעם. זי האָט געלאַכט כּמעט ביז טרערן.

— ווי קליין דאָס איז! — האָט זי געזאָגט — ווי האָב איך געקאָנט דאָרט אויסהאַלטן!

### .III

מיטאַמאָל האָט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלט ווינטל. דער באַרג איז געוואָרן פיאָלעט, די נאַכט איז צוגעפאַלן.

— שוין! — האָט דאָס קלוגע ציגעלע געזאָגט און איז געבליבן שטיין שטאַרק פאַרוווּנדערט.

אונטן זיינען די פעלדער פאַרזונקען געוואָרן אין אַ געדיכטן נעפל, און פון דער שטוב האָט מען מער נישט אַרויסגעזען, ווי דעם דאַך און אַ קלייניטשקן רויך איבער אים. דאָס ציגעלע האָט דערהערט גלעקלעך פון אַ טשערעדע, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דער פאַשע, און אויפן האַרצן איז דעם געוואָרן אַזוי אומעטיק... אַ נאַכט-פויגל איז איבער אים דורכגעפלויגן און האָט עס אַ ריר געגעבן מיט די פליגלען. עס האָט אַ ציטער געטאָן... דערנאָך האָט עס עפּעס אָנגעהויבן צו ברומען אין די בערג: — הו!-הו!

עס האָט זיך דערמאָנט אָן דעם וואָלף. אַ גאַנצן טאָג איז ער אים, דעם נאַרישן ציגעלע, אַפילו אויף דעם זינען נישט אַרויף. ווייט ווייט אין טאָל האָט זיך אין דער זעלבער רגע געלאָזט הערן אַ שאַל פון האָרן. דאָס האָט סעגען אים גערופן.

— הו!-הו! — האָט געברומט דער וואָלף.

— קער זיך אום! קער זיך אום! — האָט געשריגן דער האָרן.

בלאַנקעטע איז שוין געווען גרייט זיך אומצוקערן, נאָר זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם פלעקל, שטריק און אַרומגעצוימטן פעלד און זי האָט דערפילט, אַז זי וועט שוין מער דאָרט נישט קאָנען לעבן, און אַז ס'איז בעסער שוין בלייבן דאָ... דער האָרן איז אַנטשוויגן געוואָרן.

דאָס ציגעלע האָט דערהערט הינטער זיך אַ גערויש פון די בלעטלעך. עס האָט זיך איבערגעדרייט און דערזען אין דער פינסטערניש צוויי קורצע און אָנגעשפּיצטע אויערן מיט צוויי ברענענדיקע אויגן... דאָס איז געווען דער וואָלף.

ער איז געזעסן אויף די הינטערשטע פיס אַ גאַוואַלדיק גרויסער, ווי אַ פאַרגליווערטער, האָט געקוקט אויף דעם קלייניטשקן ווייסן ציגעלע און האָט זיך באַלעקט פון פאַרגעניגן. דער וואָלף האָט געוווּסט, אַז ער וועט זי אויפפרעסן און דעריבער האָט ער זיך בייז צעלאַכט:

— האַ, האַ! סעגענס קליין ציגעלע! — און ער האָט אַ פּיר געטאָן מיט זיין גראָבער, רויטער צונג איבער די צונטער־רויטע יאַסלעס.

בלאַנקעטע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז פאַרפאַלן. זי האָט זיך דערמאָנט די געשיכטע מיט דער אַלטער רענאַד, ווי זי האָט זיך געראַנגלט אַ גאַנצע נאַכט מיטן וואָלף, ביז זי איז גאַנץ פרי פאַרצוקט געוואָרן. און זי איז געווען גרייט, אַז ער זאָל זי תּיכּף אויפפרעסן, אָבער דערנאָך האָט זי זיך באַטראַכט אין האָט זיך אָוועקגעשטעלט גרייט מלחמה צו האַלטן, האָט אָנגעבויגן דאָס קעפל, אָנגעשטעלט די הערנדלעך, ווי עס פּאַסט פאַר סעגענס אַ דרייסטער ציג. דאָס האָט נישט באַטייט, אַז זי האָט געהאָפט דערהרגענען דעם וואָלף — ציגן הרגענען נישט קיין וועלף — זי האָט מער נישט געוואָלט זען, צי וועט זי אויך קאָנען זיך האַלטן אַזוי לאַנג, ווי רענאַד...

דער מורדיקער וואָלף האָט זיך דערנענטערט, און די קליינע הערנערלעך האָבן אָנגעהויבן אַרומטאַנצן.

אַי, דאָס בראַווע ציגעלע, ווי דאָס האָט זיך געשפּייסט! אָן גוזמא — צען מאָל האָט עס געצווונגען דער וואָלף אָפּצוטרעטן און איבערכאַפּן דעם אָטעם.. בעת דידאָזיקע קליינינקע הפסקות האָט די נאַשערין אַ כאַפּ געטאָן אַ ריטל און אַ זיס גרעזעלע, און מיט אַ פולן מויל זיך אומגעקערט צום געשלעג. אַזוי האָט עס זיך געצויגן אַ גאַנצע נאַכט. פון צייט צו צייט האָט סעגענס ציגעלע אַ קוק גע־געבן אויף די שטערן, וואָס האָבן געפינקלט אין ליכטיקן הימל, און האָט זיך געטראַכט:

— אָ, ווען איך זאָל נאָר דערציִען, ביז עס וועט אָנהויבן טאָגן...

איינס נאָכן אַנדערן האָבן די שטערן אָנגעהויבן זיך אויסלעשן. בלאַנקעטע האָט מיט אַ טאָפּעלער קראַפט געקלאַפּט מיט די הערנער, אַלץ טיפער האָבן זיך איינגעגעבן דעם וואָלפס ציין... אויפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַ בלייכער ליכט־פּאַס. פון אַ פערמע האָט זיך געלאָזט הערן אַ הייזעריק קרייען פון האָן.

— אַ סוף — האָט געזאָגט דאָס אָרעמע ציגעלע, וואָס האָט נאָר געוואַרט אויפן טאָג, כּדי צו שטאַרבן, און עס האָט אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד, און זיין ווייס פוטערל איז געווען אינגאַנצן אין בלוט...

דעמאָלט האָט זיך דער וואָלף אַרויפגעוואָרפן אויף דעם קליין ציגעלע און האָט עס אויפגעפרעסן.





ד. איינהאָרן.

# מיין קעצעלע.

איך האָב געהאַט אַ קעצעלע,
אַ קעצעלע אַ ווייס,
מיט אויערלעך צוויי שפּיציקע,
צו שפּירן נאָך די מייז;

מיט אייגעלעך צוויי געלינקע,
ווי אָמתער בורשטין,
וואָס פלעגן אָפט זיך אָנצינדן
און פינקלען גאָלדיק־גרין.

איר קליינע ווייסע פּעלכעלע
געהאַט האָט צאַרטע האָר,
וואָס זי פלעגט תּמיד רייניקן
און האַלטן תּמיד קלאָר.

און טאָמער פלעגט אַ טראָפּעלע
אַרויפפאַלן אויף איר,
דאַן פלעגט זי נעמען פּוצן זיך
און וואַשן אָן אַ שיער.

דאָס קליינע ווייסע קעצעלע
געווען איז זייער קלוג:
זי האָט געוווּסט דאָס ווינקעלע,
ווו ס'שטייט פון מילך דער קרוג;

און ווו דאָס טעפּל פּוטער איז,
פון שפּייז־אַלמער דעם פלאַץ —
(אַ גרויסע, גרויסע נאַשערקע
געווען איז מיין קאַץ).

זי פלעגט זיך שטיל פאַרגנבֿענען,
בשעת איך פלעג ניט זען,
און אויפנאַשן אין שפּייז־אַלמער
דאָרט אַלץ, וואָס איז געווען.

און ווען איך פלעג צוריקקומען,
דאַן פלעגט זי זיצן שטיל
און ווישן זיך די וואָנסעלעך
און מורקען מיט געפיל.

נאָר איין מאָל איז געשען מיט איר
אַ מעשה גאָר אַ שרעק:
צו כאַפּן קליינע פייגעלעך
איז זי אין הויף אַוועק;

פון הויף אין פעלד, און יאָגנדיק
די פייגעלעך צום וואַלד,
אַן אָדלער מיט אַן אָדלערין
באַגעגנט האָט זי באַלד.

אומזיסט האָט זי געבעטן זיך,
געמיאַוקעט און געוויינט,
די בייזע אָדלער האָבן נישט
איר פעלכעלע געשוינט;

צעריסן דאָס אויף שטיקעלעך,
געלאָזן נאָר דעם עק,
אים האָב איך נאָכדעם, ליגנדיק,
געפונען אויפן וועג.



שלום עליכם.

# פּורים צו דער סעודה.

## א.

אַ גרויסער זאַל מיט אַ גרויסן זילבערנעם הענגלייכטער, וואָס הענגט אַראָפּ פון מיטן סטעליע. טאָמביקענע העסעס אויף די ווענט. אַ גרויסע שווערע זילבערנע מנורה אויפן טיש מיט אַ סך זילבערנע לייכטער, וואָס די באָבע נחמה נעמט זיי אַרויס נאָר צוויי מאָל אין יאָר: פּסח צום סדר און פּורים צו דער סעודה, און עס ווערט ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך.

גאַנץ אויבן-אָן, אויף אַ גרויסן שטול מיט גרינס באַצויגן, זיצט דער זיידע רב מאיר אַליין — אַ קליין יידל מיט אַ שיטער בערדל,

מיט אַביכל אָן אויסגעבויגענער נאָז, מיט זילבערנע האָר און מיט שוואַרצע יונגע אויגן. אָנגעטאָן איז ער אין אַ לאַנגער זיידענער קאַפּאָטע מיט אַ געפלאָכטענעם גאַרטל און מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ. אנטקעגן אים אויפן טיש זיצט אַ גרויסער, אַ מורָאדיקער, אַ געפלאָכטענער כּורים=קיליטש, אַן אָנגעהויבענער שוין, מיט זאַפראַן פאַרגעלט און מיט ראָזינקעס אַרומגעשטעקט.

פונקט אינמיטן טיש זיצט די באָבע נחָמֶה, אַ הויכע יידענע, נאָך גאָר אַ שיינע, אויסגעפּוצט אין אַ גאָלד=פאַרביק זיידן קלייד מיט ווייסע עפל, מיט אַ שטערן=טיכל פון דימענטן און בריליאַנטן. נעבן איר שטייט אַ גאַנץ גרויסער פאַלומיכיק מיט הייסע, שמעקנדיקע, געצוקערטע און געפעפערטע פיש, פאַרפּראַוועט מיט ציבעלעס, מיט ראָזינקעס און מיט אַלערליי געווירצן. די באָבע טיילט אַרויס די פיש, די שיינע זיידענע פאַטשיילע פאַרקאַטשעט אונטער די אויערן מיט צוויי שפּיצן, און דאָס פּנים שיינט און שמייכלט.

אַרום און אַרום טיש פון ביידע זייטן זיצן די פעטערס מיט די מומעס, אַלע מיט זייערע קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך.

שׁוֹשַׁנַּת יַ—עֲ—ק—ב!

אַזוי הויבט אָן דער זיידע צו זינגען מיט זייער אָן אָנגענעמער שטים תֵּיכֶף נאָכן ערשטן גלעזעל ווײַן און קנאַקט צו בעת מַעֲשֶׂה מיטן פינגער, און דער גאַנצער עוֹלָם כאַפּט אונטער:

צָהֳלָה וְשָׂמֵחָה!

אויף אַלערליי קוֹלוֹת, אַלע מאָל העכער און העכער...

ב.

— געקומען די פורים-שפּילער! געקומען די פורים-שפּילער!

דערהערט „פורים-שפּילער", שפּרינגען מיר, קליינוואַרג, אַלע אין איין רֶגַע אַרויס פונם טיש און מיר שטייען שוין אַלע אַרום דעם קיניג אַחַשְוֵרוֹש מיט דער גילדענער קרוין.

אַז ס'איז געקומען דער גוטער, דער ליבער טאָג פּורים, האָב איך פון גאַנץ פרי אָן שוין אַרויסגעקוקט אויף דער חֶבְרָה, וואָס גייען פון שטוב צו שטוב, און אַ גאַנצע כאַליאַסטרע יינגלעך לויפן זיי נאָך. אוי, פלעג איך זיי מקַנְא זיין, דידאָזיקע שפּילער, וואָס זיינען געווען אָנגעטאָן בִּגְדֵי מַלְכוּת און האָבן געזונגען אַזוי שיין, אַז ס'איז זיך צוגאַנגען אין יעדן אֵבֶר.

— גוט יום-טוב! — שיסן אויס די חֶבְרָה אַלע מיטאַמאָל גאַנץ פריילעך און מען שטעלט זיך אויס אין צוויי טיילן. אויף אַ גילדענער שטול זיצט דער קיניג אַחַשְוֵרוֹש (קאָפּל דער שניידער), און עס טרעט אַרויס אויף איין פוס ממוּכָן (חַיִים שמייסער), זינגט אַ לידל. די שפּיל הויבט זיך אָן.

ג.

ביי דער זייט שטייט פייוול דער יָתוֹם מיט אַן אויסגעשמירט פָּנִים. בִּשְעַת חֶבְרָה פלעגן שפּילן יענע שיינע שפּיל, וואָס ווערט אָנגערופן „מכירת-יוסֵף", פלעגט פייוול זיך אָנטאָן אַ רויט העמדל און זיך פאַרשטעלן פאַר יוסֵף הַצַדִיק. זיינע ברידער פלעגן אים אַראָפּרייסן דאָס רויטע העמדל, אַריינוואַרפן אים אין אַ לייבנגרוב, און יוסֵף הַצַדִיק (פייוול הייסט דאָס) פלעגט זיך אַוועקשטעלן אויף

די קני, צונויפלייגן די הענט און באַשווערן די חיות רָעות,
זיי זאָלן צו אים קיין שליטה נישט האָבן און זינגען בשעת מַעשֶׂה:

שלאָגנען און עקדישן — צי ווייסט איר, ווער איך בין?
פאַרשליסט אייער מויל, — איך בין יוֹסֵף הַצַדיק,
פאַרשליסט אייער מויל! — יִצחָקס אַן אייניקל,
צי ווייסט איר דען, — יַעֲקבס אַ זון,
צי ווייסט איר דען — יַעֲקבס אַ זון!...

און כאָטש „יוֹסֵף הַצַדיק" איז געווען אַ יָתוֹם און אַן אָרעם ייִנגל, פונדעסטוועגן וואָלט איך זיך מיט אים געביטן נאָר צוליב דעם איינעם טאָג פורים אַליין.

— דו ביסט יוֹסֵף הַצַדיק? — רוף איך מיך אָן צו פייוולען.

— יוֹסֵף הַצַדיק — מאַכט צו מיר פייוול.

— דו וועסט אויך שפּילן? — פרעג איך אים.

— אַז מען וועט מיר הייסן שפּילן, וועל איך שפּילן — מאַכט צו מיר יוֹסֵף הַצַדיק און בויגט זיך אָן צו מיר אויפן אויער:

— גיב מיר אַ שטיקל קוילעטש פון אייער פורים־קוילעטש!

— מ'וועט דערזען, וועט מען זיך בייזערן — מאַך איך צו אים שטילערהייט.

— שלעפּ אוועק אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט זען, — זאָגט ער צו מיר און די אייגעלעך גלאַנצן — איך בין טויט־הונגעריק. פון גאַנץ פרי אָן נאָך אין מיין מויל נישט געהאַט... — זאָגט ער צו מיר ווייטער שטילערהייט און ער עסט דעם קוילעטש מיט די אויגן.

דער גאַנצער עוֹלָם איז פאַרטיפט אין דער שפּיל, גיי איך צו פּאַוואָלינקע צום טיש, פאַרלייג די האַנט אַרונטער, שלעפּ אוועק אַ שטיק קוילעטש און רוק דאָס אים אַריין אין האַנט אַריין.

יוֹסֵף הַצַּדִיק לָאזט אַרָאפּ קונציק דָאס שטיקל קוילעטש אין קעשענע אריין און טוט זיך אַ קוועטש ביי דער האַנט:

— ביסט אַ וווילער ייִנגל, געבן זאָל דיר גאָט אַלדאָס גוטס!



ח. נ. ביאליק.

## ערֶב פרילינג.

כ׳שטיי אויף פרי, — דער דאַך געזילבערט,
און אַ בעלמע אויף די שויבן;
דאָך אין דרויסן פליען העכער
צו דעם הימל ווייסע טויבן.

און די צעפּלעך אייז, ווי ליכטלעך,
אָנגעצונדן מיט אַ העלן
שטראַל, צעשמעלצן זיך און טריפן,
צי זיי וויינען, צי זיי קוועלן?

מיר געפעלט דער ערֶב־פרילינג
דוֹקא ווי ער שטייט און גייט,
אָנגעטאָן אין שמאַטעס־וואָלקן,
מיט אַ גאָלדענעם שטראַל באַנייט.

איך האָב ליב זיין קאַלטן ווינט,
וואָס ער פּאַטשט אין האַלז און אַקן,
ווען פון פּאָרנט קושן, הלובען
זיסע ווינטלעך מיינע באַקן.



י. ל. פּרץ.

## דער קונצנמאַכער.

אין אַ וואָלינער שטעטל צריין איז אַמאָל געקומען אַ קונצנמאַכער.

און כאָטש עס איז געווען אין דער פאַרדאגהטער פאַר־פסח־צייט, ווען אַ ייד האָט מער זאָרג, ווי האָר אויפן קאָפּ, האָט דאָך זיין אָנקומען אָנגעמאַכט אַ גרויסן

רעש; עפּעס אַ רעטעניש פון אַ מענטש! אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן און — אויפן קאָפּ אַ צילינדער, אמת, אַן אָפּגעטראָגענער, אַ צעקנייטשטער, אָבער אַזאַ הויכער! אַן אמת יידיש פּנים, מאָגער, בלייך, אַ נאָז פון נאָזן־לאַנד! און אַ געגאָלטע באָרד! און קיין פּאַפּאַרע האָט ער נישט, און עסן האָט אים קיינער נישט געזען, נישט קיין כּשרס נישט קיין טרפֿהס, גיי ווייס, וואָס ער איז! מען פרעגט אים: פונוואַנען? זאָגט ער: „פון פּאַריז"; וווהין? — „קיין לאָנדאָן!" ווי קומט איר אַהער? ענטפערט ער? „פאַרבלאָנדזשעט!" אַפּנים, צופוס געגאַנגען! און ווייזט זיך ביי קיין מנין נישט, אַפילו שבת־הגדול נישט! און שטייט מען צו אים צו, מאַכט מען אַרום אים אַ רעדל, ווערט ער פּלוצים נעלם, גלייך די ערד וואָלט אים איינגעשלונגען, און שווימט אַרויס אויף יענער זייט מאַרק.

דערווייל האָט ער זיך געדונגען אַ סאַלאָן און אָנגעהויבן צו מאַכן קונצן.

אָבער קונצן! פאַרן גאַנצן עולם האָט ער געשלונגען ברענענדיקע קוילן, ווי פּאַרפל; און פון מויל אַרויסגעצויגן האָט ער אַלערליי בענדער: רויטע, גרינע, וואָס פאַר אַ קאָליר מען האָט נאָר געוואָלט, און לאַנגע, ווי דאָס גלות. פון אַ כאַליווע פון שטיוול וואַרפט ער אַרויס זעכצן פּאָר אינדיקעס, אָבער אינדיקעס — ווי די בערן! און זיי צעלויפן זיך איבער דער סצענע! דערנאָך הייבט ער אויף אַ פוס און קראַצט אָפּ פון דער פּאָדעשווע גאָלדענע רענדלאַך; אַ גאַנצע שיסל גאָלדענע רענדלאַך! פּאַטשט מען „בראַוואָ". גיט ער אַ פייף, צעפליען זיך אונטערן סופיט חלות און קוילעטשן און מישן זיך און לויפן זיך צוזאַמען און הייבן אָן טאַנצן אַ ראָד צי אַ ברויגז־טאַנץ אונטער דער סטעליע! און גיט ער אַ צווייטן פייף — ווערט דאָס אַלץ פאַרשווונדן אין איין אויגנבליק, גלייך גאָרנישט געווען! אויס קוילעטשן, אויס בענדער, אויס אינדיקעס — גאָרנישט!

מילא, ווייסט מען דאָך, אַז מיט כּישוף קען מען אויך עפּעס באַווייזן! די כּישוף־מאַכער פון מצרים האָבן מן־הסתם גרעסערע קונצן באַוויזן. איז אָבער די שאלה: פאַרוואָס איז ער אַזאַ גרויסער קבצן? אַ מענטש שאַרט רענדלעך פון פּאָדעשווע, און האָט נישט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער אַכסניא; מיט אַ פייף באַקט ער אָן מער קוילעטשן און חלות, ווי דער גרעסטער בעקער; אינדיקעס ציט ער אַרויס פון כאַליווע, — און אַ פּנים האָט ער — אַן אויסגעצויגנס, אַז שענערע לייגט מען אין דער ערד אַריין. און דער הונגער ברענט אים אין די אויגן, ווי אַ פלאַקער! ווערטלט מען זיך: די פינפטע קשיא צו „מה נשתּנה"!...

צו „מה נשתּנה" איז אָבער נאָך ווייט. מיר וועלן דערווייל איבערלאָזן דעם קונצנמאַכער און איבערגיין צו חיים־יונהן און צו זיין ווייב רבקה־ביילע.

חיים־יונה איז אַמאָל אַ וואַלד־סוחר געווען, האָט ער איינמאָל געקויפט אַ

וואַלד איז גלייכן געלט, האָט מען דעם וואַלד פאַרמאַכט, איז ער אַרויס אין איין העמד. איז ער געוואָרן אַ שרייבער ביים סוחר אין וואַלד, האָט ער די שטעל פאַר־לוירן; זיצט ער שוין אַ שיינע פּאָר חָדשים אָן פּרנסה. אַ ווינטער האָט מען איבער־געלעבט — אויף שונאי־ציון געזאָגט. נו, אַ ייד, ווי ער לעבט — לעבט ער. נאָך ווינטער אָבער גייט פּסח, — וואו נעמט מען געלט אויף פּסח? און פאַרזעצט ביים מלווה איז שוין פון הענג־לייכטער ביזן לעצטן קישן. זאָגט רבקה־ביילע: גיי אַריבער צו קהל און נעם מָעות־חיטין. זאָגט חיים־יונה, אַז ער האָט ביטחון, אַז גאָט וועט העלפן, און דאָס פּנים פאַרשוואַרצן וועט ער זיך נישט.

גייט רבקה־ביילע און זוכט נאָכאַמאָל אין אַלע ווינקעלעך און געפינט אַן אַלטן אָפּגעריבענעם זילבערנעם לעפל — ווירקליך, אַ נס פון זיין ליבן נאָמען! שוין יאָרן זינט דער לעפל איז פאַרפאַלן געוואָרן! אַ פריידן!

וואָס טוט חיים־יונה? גייט ער, פאַרקויפט אים און טראָגט אַריין די פּאָר גראָשן צום רב אויף מעות־חיטין פאַר אָרעמע לייט. אָרעמע לייט — זאָגט ער — זיינען בילכער.

די צייט דערווייל ריקט זיך. שוין אינגאַנצן נישט מער ווי אַ פּאָר וואָכן צו פּסח, — ער האָט ביטחון! גאָט, זאָגט ער, פאַרלאָזט נישט! מילא, רבקה־ביילע שווייגט; אַ אשה מוז פאָלגן אַ מאַן. עס גייט אָבער אַוועק נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג, רבקה־ביילע ווייסט נישט פון קיין שלאָף, גראָבט דאָס פּנים אין סיעניק אַריין און וויינט שטילערהייט, חיים־יונה זאָל נישט הערן... און אויף פּסח איז קיין צייכן נישטאָ. און טעג האָט זי ערגערע ווי נעכט, — ביינאַכט וויינט זיך אַ מענטש כאָטש אָפּ דאָס האַרץ, בייטאָג אָבער מוז מען קנייפּן די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין!

שכנות קוקן איר נאָך און גאַפן, און קוקן זיך די אויגן אויס, און שטעכן זי מיט רחמנות־בליקן, ווי מיט נאָדלען... אַנדערע פרעגן: „ווען באַקומט איר מצות? ווי האַלט איר מיט בוריקעס?‟ די נעענטערע זאָגן:

— ס'טייטש, וואָס טוט זיך מיט אייך, רבקה־ביילע?! פעלט אייך, וועלן מיר אייך באָרגן, וכדומה....

חיים־יונה וויל אָבער נישט אָנקומען צו קיין מענטשן, און רבקה־ביילע וועט קעגן איר מאַן נישט גיין — זוכט זי זיך אויס תירוצים פון אונטער דער ערד, און דאָס פּנים פלאַמט און פלאַמט...

זעען די שכנים, אַז עס איז נישט ווי עס דאַרף צו זיין, נעמען זיי און לויפן צום רב — ס'טייטש?

דער רב, נעבעך, הערט אויס, קרעכצט אָפּ און פאַרקלערט זיך, און סוף־כל־

סוף ענטפערט ער, אַז חיים יונה, איז אַ וווילער־לערנער און אַ גאָטספאָרכטיקער, און אויב ער האָט ביטחון, האָט ער!..

רבקה־ביילע איז אַפּילו אָן בענטשליכט געבליבן...

און — שוין פּסח!

חיים־יונה גייט פון בית־מדרש אַהיים, זעט ער, אַז אַלע פענסטער אין מארק שיינען אַרויס מיט שמחת־יום־טוב, און נאָר זיין דירה שטייט ווי אַן אָבל צווישן מחותנים, ווי אַ בלינדער צווישן זעענדיקע, ער פאַלט אָבער ביי זיך נישט אַראָפּ: „אַז גאָט וועט וועלן, וועט נאָך זיין פּסח!" — טראַכט ער.

ער גייט אַריין און זאָגט פריילעך: „גוט יום־טוב"! און נאָך אַמאָל: „גוט יום־טוב דיר, רבקה־ביילע!" און רבקה־ביילעס קול ענטפערט אים, אָנגעזאַפּט מיט טרערן, פון אַ פינסטער ווינקל אַרויס:

— גוט יום־טוב, גוט יאָר! —

און אירע אויגן ברענען אַרויס פון פינסטערן ווינקעלע, ווי צוויי ברענענדיקע קוילן. גייט ער צו איר צו און זאָגט איר:

— רבקה־ביילע — זאָגט ער — היינט איז יום־טוב, יציאת־מצרים, פאַרשטייסט? טרויערן טאָר מען נישט! אויב דער רבונו־של־עולם האָט נישט געוואָלט, מיר זאָלן האָבן אונזער פּסח, מוז מען אָננעמען פאַר ליב און זיין ביי אַ פרעמדן סדר, וועלן מיר גיין ערגעץ אַנדערש צום סדר! מען וועט אונז אַריינלאָזן אומעטום... טיר און טויער שטייען אָפן... יידן זאָגן: „כל דכפין ייתי וייכול", דאָס איז טייטש: ווער עס איז הונגעריק, זאָל אַריינקומען עסן. קום, נעם אויף דיר די שאַל, וועלן מיר גיין צום ערשטן בעסטן ייד.

און רבקה־ביילע, וואָס טוט שטענדיק דעם ווילן פון איר מאַן, האַלט איין מיט אַלע כוחות דאָס געוויין, וואָס רייסט זיך צום האַלז, נעמט אויף זיך אַ צע־ריסענע שאַל און וויל שוין גיין, — אין דערזעלבער רגע עפנט זיך אָבער די טיר, און עמעץ קומט אַריין און זאָגט:

— גוט יום־טוב!

ענטפערן זיי: גוט יאָר, נישט זעענדיק, ווער עס איז צו זיי אַריינגעקומען.

זאָגט דער, וואָס איז אַריינגעקומען:

— איך וויל זיין אייער גאַסט צום סדר!

ענטפערט חיים־יונה:

— מיר האָבן אַליין קיין סדר נישט...

ענטפערט יענער, אַז ער האָט מיטגעבראַכט דעם סדר מיט זיך!

— אין דער פינסטער? — האַלט זיך שוין רבקה נישט איין און שלוכצט.

— חָלִילָה! — ענטפערט דער אורח, — עס וועט זיין ליכט.

און ער גיט אַ מאַך: האָקוס-פּאָקוס! און עס באַווייזן זיך צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער מיט אָנגעצונדענע סטעאַרין-ליכט, אינמיטן שטוב, אין דער לופט! עס ווערט ליכטיק. חיים-יונה און רבקה-ביילע דערזעען, אַז דאָס איז דער קונצנמאַכער, און זיי גאַפּן און קאָנען פאַר וווּנדער און שרעק קיין איינציק וואָרט פון מויל נישט אַרויסברענגען. זיי כאַפּן זיך איינס דאָס צווייטע אָן ביי די הענט און שטייען מיט אויפגעריסענע אויגן און אָפענע מיילער.

דער קונצנמאַכער ווענדט זיך דערווייל צום טיש, וואָס איז געשטאַנען פאַרשעמט אין אַ ווינקעלע, און זאָגט צו אים:

— נו, בָחורל, באַדעק דיך און קום אַהער!

און אַזוי ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, פאַלט פון דער סטעליע אויפן טיש אַראָפּ אַ שניי-ווייס טישטוך און באַדעקט אים, און דער באַדעקטער טיש הייבט זיך אָן רירן, און גייט, און קומט אין מיטן שטוב אַריין, און פאַרהאַלט זיך פונקט אונטער די ליכט, און די זילבערנע לייכטער לאָזן זיך בידעריקער אַראָפּ און שטעלן זיך אַנידער אויפן טיש.

— אַצינד, זאָגט דער קונצנמאַכער, פעלן נאָר העסע-בעטן, — זאָלן זיין העסע-בעטן!

גייען דריי בענקלעך, פון דריי עקן פון שטוב, און גייען צו צום טיש און שטעלן זיך אויף זייערע דריי זייטן.

הייסט ער, דער קונצנמאַכער, זיי זאָלן ברייטער ווערן, ציען זיי זיך אויס אין דער ברייט. און עס ווערט פון זיי פאָטערשטולן. רופט ער אויס:

— ווייכער!

באַדעקן זיי זיך מיט רויטן סאַמעט, און אין דערזעלבער מינוט פאַלן אויף זיי פון סטעליע אַראָפּ ווייסע, שניי-ווייסע קישנס און צעלייגן זיך, אויפן קונצנמאַכערס געבאָט, איבער די פאָטערשטולן און — עס ווערן העסע-בעטן! אויף זיין געבאָט באַווייזט זיך אויך אַ קערה מיט מינים און שטעלט זיך אויפן טיש. עס באַווייזן זיך אויך רויטע כוסות מיט פלעשער וויין און מצות און אַלץ, וואָס מען דאַרף צו אַ כָשֵרן און פריילעכן סדר, אַפילו „הגדות" מיט אַ גאָלדענעם שניט.

— און וואַסער צום וואַשן האָט איר? — פרעגט דער קונצנמאַכער: — איך קאָן ברענגען וואַסער אויך!

דעמאָלט האָבן זיי זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון גאַפן.

און רבקה-ביילע פרעגט חיים-יונהן אויפן אויער:

— מעג מען? וואָס?

און חיים־יונה ווייסט איר נישט, וואָס צו ענטפערן.

ראָט זי אים:

— גיי, מיין מאַן, און פרעג דעם רב.

ענטפערט ער, אַז ער קאָן זי מיטן קונצנמאַכער אַליין נישט איבערלאָזן. וויל ער, זי זאָל גיין. זאָגט זי, אַז אַ נאַרישע יידענע וועט דער רב נישט גלויבן. ער וועט מיינען, אַז זי איז פֿון זינען אראָפּ. גייען זיי ביידע צום רב און לאָזן איבער דעם קונצנמאַכער מיטן סדר.

האָט דער רב גזאָגט, אַז דאָס, וואָס ווערט געמאַכט מיט כּישוף, האָט קיין ממשות נישט, וואָרים כּישוף איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש פאַר די אויגן. הייסט ער זיי אַהיימגיין, און אויב די מצה וועט זיך לאָזן אָפּברעכן, דער ווין — גיסן אין די כּוסות אַריין, און די קישנס פון העסע־בעט — אָנטאַפּן, וכדומה, איז גוט... איז עס מן השמים, מעגן זיי געניסן.

אַזוי האָט דער רב געפּסקנט.

גייען זיי מיט האַרצקלאַפּעניש אַהיים. קומען זיי אַריין, איז דער קונצנמאַכער שוין נישטאָ, און דער „סדר“ שטייט, ווי ער איז געשטאַנען. די קישנס לאָזן זיך אָנרירן, דער ווין גיסט זיך, די מצות ברעכן זיך...

האָבן זיי ערשט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אליהו הנביא, און האָבן געהאַט אַ פריילעכן יום־טוב.



ל. קוויטקאָ.

## דאָס זשוקל.

אַ רעגן, אַ מבול —<br>אין געסלעך שמאָל,<br>סיי רינוועס, סיי טייכלעך,<br>סיי ריטשקעס אָן צאָל.

סיי ביימער, סיי תּבֿואות,<br>זיי ציטערן נאַס.<br>קיין מענטשן, קיין ציגן,<br>קיין הינט נישט אין גאַס.

נאָר אײנער אַ זשוקל,
מיט פיסלעך רויט,
דאָ דרייט זיך אין ריטשקעס
און שפּילט זיך מיט טויט.

דאָס שטעלט זיך אין מיטן
און האַלט זיך גוט צו,
עס שווימט זיך דאָס שפּענדל
און טראָגט ערגעץ־ווו.

אָט קערט זיך דאָס איבער,
אוי, גול־גול, און אויס!
אָט שטעלט דאָס אַ פיסל
און רייסט זיך אַרויס.

די ריטשקע, זי בלעבלט,
און זילבערט און בלענדט.
עס טראָגט זיך דאָס שפּענדל
פאַר פריזבעס, פאַר ווענט.

אָט טוט אין דעם קעפל
אַ טראָפּן אַ קלאַפּ,
און אונטן אַ בולבע
און טוט דאָס אַ כאַפּ.

און קומט צו אַ שטיבל,
און טוט זיך אַ שטויס; —
אַריין אין אַ לעכל,
אַריין אין אַ הויז.

נאָר דאָ גיט אַ שפּענדל
אַ קרים זיך, אַ לויף,
אַ נויג זיך צום זשוקל,
און נעמט דאָס אַרויף.

דאָ וווינען קבצנים
און קינדערלעך דריי,
און כאַפּן דאָס זשוקל
און לאָזן דאָס פריי.



## דער מַשכּוֹן.

אין דער שטאָט סיראַקוז האָט אַמאָל געהערשט אַ שלעכטער מענטש, אַ טיראַן. דיאָניסי האָט מען אים גערופן. אײנמאָל האָט זיך צו אים אונטערגעגנבעט מיראָס. אַ גריך, מיט אַ קינזשאַל. דיאָניס האָט אים געהייסן כאַפּן.

— דו טויגעניכטס! — האָט דיאָסיני אויסגעשריגן, — האָסט מיך געוואָלט אומברענגען, דערפאַר וועל איך דיך אויפהענגען.

— איך בין גרייט צו שטאַרבן, — האָט מיראָס געענטפערט,— איך פאַרלאַנג נישט קיין רַחמָנות. נאָר טו מיר די טוֹבָה, לאָז מיך אָפּ אויף דריי טעג, איך זאָל קאָנען חתונה מאַכן מיין שוועסטער, איך לאָז דיר דאָ איבער מיין פריינט פאַר אַ מַשכוֹן, אַז איך וועל קומען צו דער צייט, וועט עס דאַרף איבער מיר אויסגעפירט ווערן די טויט-שטראָף.

דער הערשער האָט אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט מיט אַ כיטרן שמייכעלע:

— רעכט, איך לאָז דיך אָפּ אויף דריי טעג. נאָר אויב דו וועסט צו דער צייט נישט קומען צוריק קיין סיראַקוז, וועל איך דיין פריינט אָנטון עִנויים, אָנשטאָט דיר. זאָל זיין טויט אויסקויפן דיין שולד.

דערווייל איז מיראָס אַוועק צו זיין גוטן פריינט און האָט אים געזאָגט:

— דיאָניסי האָט מיך פאַרמִשפּעט צום טויט, נאָר ער לאָזט מיך אָפּ אויף דריי טעג, כדי איך זאָל קענען חתונה מאַכן מיין שוועכטער. בעט איך דיר דעריבער, אַז דו זאָלסט זיך לאָזן נעמען אין תפיסָה פאַר אַן עָרֵב, אַז איך וועל זיך צו דער צייט אומקערן.

דער געטרייער גוטער פריינט האָט איינגעשטימט דערצו, האָט מיראָסן אַרומגענומען, געזעגנט זיך מיט אים, און געלאָזן זיך פאַרזעצן אין תפיסָה און פאַרשמידן אין קייטן.

מיראָס איז תֵּכֶף אַוועק פון סיראַקוז אין דעם דאָרף, וווּ עס האָט געוווינט זיין שוועסטער, האָט גיך איר חופּה געשטעלט

מיט איר חתן. און אויפן דריטן טאָג געלאָזן זיך אין וועג, כדי ער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן צו דער צייט.

ער האָט שוין־עקלעך געאײַלט. פּלוצלונג איז געוואָרן אַ גרויסער שטורעם, דער ווינט האָט געהודזשעט, עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן, ס'האָט אַ שמיץ געטאָן אַ רעגן, פון די בערג האָבן זיך אַ לאָז געטאָן שטרוימען וואַסער, דער טײַך איז פול געוואָרן און האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן.

מיראָס איז געקומען צום ברעג, ערשט דער טײַך האָט זיך אויפגעהויבן און די ווינטן האָבן אַראָפּגעריסן דעם בריק. דער בריק איז אײַנגעפאַלן, און דאָס וואַסער האָט אים פאַרדעקט. מיראָס האָט זיך געוואָרפן אַהער, אַהין, האָט געזוכט אַן אָרט, ווו מ'קאָן אַריבערגיין דעם טײַך, האָט גערופן צו הילף — נאָר ס'איז אַלץ געווען אומזיסט. ס'האָט זיך ערגעץ נישט געזען קיין שיפל, ס'האָט זיך ערגעץ נישט געזען קיין זעגל, און מיראָס איז געבליבן שטיין ווי אַ דערשלאָגענער פון גרויס צער.

דערווײַל האָט זיך דער טײַך צעגאָסן אַלץ ברייטער און ברייטער און האָט געבריזט ווי אַ ים. דעמאָלט איז מיראָס געפאַלן אויף די קני און אָנגעהויבן בעטן:

— גאָט, שטיל אײַן דידאָזיקע ווינטן! די צײַט לויפט, עס איז שפּעט. די זון פאַרגייט, איידער איך קום קיין סיראַקאַז, וועט מײַן פרײַנט געשטראָפט ווערן פאַר מיר.

אָבער די ווינטן האָבן געררישט און געשטורעמט נאָך שטאַרקער ווי פריער. איין ווינט איז געקראָכן איבער דעם צווייטער. ענדלעך האָט זיך מיראָס אין גרויס פאַרצווייפלונג אַרײַנגעוואָרפן אין וואַסער און אָנגעהויבן דרייסט ראַנגלען מיט די כוואַליעס. אים האָט זיך אײַנגעגעבן דערגרייכן דעם צווייטן ברעג. אָבער ווי ער איז אָפּ־

געגאַנגען עטלעכע טריט, איז אים תּכף אַנטקעגן געקומען אַ באַנדע גזלנים. זיי האָבן אים פאַרצוימט דעם וועג און אויפגעהויבן אויף אים זייער געווער.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? איך האָב גאָרנישט! — האָט מיראָס געזאָגט. — מער ווי דאָס לעבן האָב איך נישט, דאַרף איך עס, כּדי צו ראַטעווען מיין פריינט פון טויט.

ער האָט ביי דעם נאָענטסטן פון די גזלנים אַרויסגעריסן זיין געווער:

— האָט רחמנות אויף מיין חבר! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, און די גזלנים האָבן זיך פאַרשעמט. זיי זיינען אָפּגעטראָטן, און ער איז אַוועק זיין וועג. ער איז געגאַנגען געשווינד. די זון האָט אים געבריענט מיט שרעקלעכער היץ. די לופט האָט אַלץ מער געשטיקט, עס איז ערגעץ נישט געווען קיין שאָטן, און מיראָס איז געבליבן אָן כּוחות, ער איז געפאַלן אויף די קני און אָנגעהויבן בעטן:

— גאָט! דו האָסט דאָך מיר דורכגעטראָגן איבער די ברויזנ־דיקע כוואַליעס, דו האָסט מיך געראַטעוועט פון דער באַנדע גזלנים, שיק־זשע מיר נאָכאַמאָל דיין הילף, כּדי איך זאָל קאָנען ראַטעווען מיין אומשולדיקן פריינט פון דער סכּנה, וואָס שוועבט איבער זיין קאָפּ.

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און פּלוצלונג דער־הערט, ווי אַ וואַסער פּלייצט נישט ווייט פון אים. ער איז קוים דערקראָכן צום נאָענטסטן בערגל און האָט דאָרט געפונען אַ זילבער־קלאָרן קוואַל, וואָס האָט געפּלייצט פון דער ערד. ער האָט זיך אָנגעטרונקען, אָפּגעפרישט די כּוחות און געשווינד אַוועק ווייטער. פון די בוימער האָבן זיך שוין לאַנגע שאָטנס געלייגט אויף די לאָנקעס.

צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן זיינען געגאַנגען איבערן וועג.

מיראָס האָט זיי איבערגעיאָגט, נאָר פּלוצלונג האָט ער הינטער זיך דערהערט ווי זיי רעדן שרעקלעכע ווערטער:

— איצט, — האָבן זיי געזאָגט — מוז מען אים שוין אוודאי הענגען.

פון אנגסט האָט זיך ביי מיראָסן דאָס האַרץ פאַרקוועטשט. דער שרעק, אַז זיין פריינט קאָן דאָרט אומקומען, האָט אַזוי ווי כליגלען אָנגעטאָן אויף זיינע פיס.

און אָט איז שוין סיראַקוז. די שפּיצן פון די שטאָטיקע טורעמס זיינען שוין געווען באַגולדט מיט די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון.

אַנטקעגן מיראָסן איז אַרויס דער פאַרוואַלטער פון זיין חברס הויז. דער געטרייער דינער האָט אים פונוויַיטן דערקענט.

— צוריק! — האָט ער געשריגן צו מיראָסן, לויפנדיק אים אַנטקעגן, — דו האָסט שוין סיי ווי פאַרשפּעטיקט. אַנטלויף! טראַכט נאָר וועגן דיין אייגענער רעטונג. ער האָט געהאָפּט פון שעה אויף שָעָה, האָט אַלץ געוואַרט, און נישט געגלויבט, אַז דו וועסט פאַרשפּעטיגן. מ'האָט פון אים געלאַכט, מ'האָט אים פאַרזיכערט, אַז דו ביסט אַ ליגנער, אַ פאַלשער, אַ פאַררעטער, אָבער קיינער האָט ניט געקאָנט צעשטערן זיין האָפענונג.

— אָ, אויב ס'איז שוין שפּעט, — האָט מיראָס געזאָגט, — אויב מיין קומען קאָן אים שוין נישט ראַטעווען, וויל איך לכּחות מיט אים אינאיינעם שטאַרבן, זאָל קיינער נישט האָבן קיין רעכט צו זאָגן, אַז איך האָב נישט געהאַלטן וואָרט און פאַרראַטן מיין פריינט. זאָלן פאַלן צוויי קרבּנות, אָבער זאָל מען וויסן, ווי פריינט קאָנען זיך ליבן און געטרייען איינע די אַנדערע.

די זון איז שוין אַרונטער, ווען מיראָס איז געקומען צום שטאָט-טויער. פונוויַיטן האָט ער שוין דערזען די תּליָה, וואָס איז

געבויט געוואָרן אויפן שטאָט־פּלאַץ און דאָס נייגעריקע פאָלק, וואָס האָט געררודערט אַרום. ער האָט אויך דערזען, ווי מ׳פירט זיין פריינט און ווי מ׳הויבט אים מיט אַ שטריק אויף דער תּליה.

אָבער מיראָס האָט זיך געמאַכט אַ וועג צווישן עולם, און אָנגעהויבן שרייען:

— האַלט! הענגט נישט! אָט בין איך דאָ, איך, וואָס ער איז פאַר מיר געווען אַ משכּון!

דער עולם האָט אַ ציטער געטאָן און פאַרוווּנדערט געקוקט, ווי די פריינט זענען זיך איינער דעם צווייטן געפאַלן אויפן האַלז און געוויינט פון פרייד.

דאָס גאַנצע פאָלק האָט אויך צוזאַמען מיט זיי געוויינט.

אויך דאָס האַרץ פון בייזן הערשער איז ווייך געוואָרן. ער האָט געהייסן ברענגען צו זיך ביידע פאַרמשפּטע.

ווען מ׳האָט זיי געבראַכט, האָט דיאָניסי אויף זיי אַ בליק געטאָן מיט אַנטציקונג און האָט געזאָגט:

— איר האָט מנצח געווען מיין האַרץ, איצט זע איך, אַז ס׳איז דאָ פריינטשאַפט, זאָגט מיר נישט אָפּ און נעמט מיך צו אין אייער הייליקן בונד. לאָמיך אויך געניסן די פרייד פון פריינטשאַפט און געטרייקייט.





ש. פרוג.

## פרילינג־ליד.

עס וואַרעמט זיך, עס פיעסטעט זיך
דאָס גרינע אַקער־פעלד.
עס שפּראָצט אַרויס דאָס קערנדל,
דערזעט די ליבע וועלט,
דערפילט די זון, די ליכטיקע,
דעם פרישן פרייען ווינט,
עס ציט זיך צו דער הימל־שיין
און קוויקט זיך, ווי אַ קינד...
גענוג געלעגן טיף אין דער ערד,
פון ליכט און לעבן ווייט,
די גרויסע טעג, די שוואַרצע נעכט,
די לאַנגע ווינטער־צייט!
שפּראָצט אויף, איר זאַנגען גאָלדענע,
און פילט זיך אָן מיט זאַפט!
פאַרגיס, פאַרפלייץ דאָס פרייע פעלד,
אָ, יונגע פרישע קראַפט!

דער פרילינג גייט... ער בליצט... ער רוישט...
פאַרשוווּנדן ווערן ווייט
די גרויסע טעג, די שוואַרצע נעכט,
די לאַנגע ווינטער־צייט!



ש ל ו ם   ע ל י כ ם.

# פייטל און פעדקע.

### א.

אַ גאַנצן ווינטער ליגן די ביידע קינדער אָפּ, יעדער ביי זיין טאַטן אויפן אויוון, ציען זיך צום פענסטער און בענקען איינס נאָך דאָס אַנדערע.

נאָר אָט איז אַוועק דער ווינטער, דער לאַנגער, בייזער ווינטער. אָט האָט זיך אויפגעדעקט די שוואַרצע ערד פון איר ווייסן, קאַלטן שלייער. און אַ שיין האָט געטאָן די זון. און אַ טריקן האָט געטאָן דאָס ווינטל. און אַ גרעזל האָט זיך באַוויזן, און דאָרטן, באַרג אַראָפּ דאָס טייכל, זשומזשעט, און אַלץ אַרום און אַרום האָט אויפגעלעבט, אַלץ גריסט, אַלץ פרייט זיך: ס'איז ערב פּסח. דעמאָלט קאָן מען שוין מער נישט איינהאַלטן אין שטוב נישט פייטלען, נישט פעדקען. ביידע כאַפּן זיך אַרויס אויף גאָטס וועלט, וואָס האָט זיך געעפנט פאַר זיי ביידן גלייך, און ביידע נעמען זיך פאַר די הענט, און מע לאָזט זיך לויפן אַהין, צום באַרג, וואָס שמייכלט צו זיי ביידן גלייך: קינדער, אַהער! און מע שפרינגט

אַקעגן דער זון, וואָס גריסט זיי ביידן גלייך און רופט זיי ביידן צו זיך: קינדער, אהער!

ב.

ביידע האָבן זיי וואָס צו דערציילן — אַזאַ לאַנגן ווינטער נישט געזען זיך. פייטל באַרימט זיך פאַר זיין חבֿר פעדקען, אַז ער קען שוין כּמעט דעם גאַנצן אַלף־בית, און פעדקע באַרימט זיך, אַז ער האָט אַ בייטש... באַרימט זיך פייטל, אַז ביי זיי איז באַלד פּסח, ביי זיי איז שוין פאַראַן מצות אויף אַלע אַכט טאָג פּסח און ווייַן אויף אַרבע כּוסות.

— געדענקסט, פעדקע, פאַראַיאָרן האָב איך אַרויסגעטראָגן דיר אַ מצה?

— מאַצאַ? — זאָגט פעדקע. און איבער זיין חנעוודיקער מאָרדע צעגיסט זיך אַ ברייט שמייכעלע. אַפּנים, ער האָט זיך דערמאָנט דעם טעם פון דער פאַראַיאָריקער יידישער מצה.

— ביסט אַ בעלן, פעדקע, פאַרזוכן איצט אַ שטיקל מצה? פרישע מצה?

אַ שאלה אַ ביסל, אויב פעדקע איז אַ בעלן? און פייטל שלעפּט אַרויס פון אונטערן לייבסערדאַק אַ פרישע, אַ ווייסע, אַ קיילעכדיקע מצה, אָנגעשטאָכן אין דער לענג און אין דער ברייט פון ביידע זייטן מיט קליינע לעכעלעך. און פעדקע באַלעקט זיך באַצייטנס, נאָך איידער פייטל האָט צעשפּאָלטן די מצה פונקט אויף דער האַלב און האָט צעטיילט זיך מיט זיין חבֿר.

— וואָס וועסטו זאָגן, פעדקע, אויף דער מצה?

וואָס זאָל פעדקע זאָגן, אַז ס'איז ביי אים אַ פול מויל מיט

מַצָה, וואָס טרישטשעט אונטער די ציין און צעגייט אויפן צונג, אַזוי ווי שניי? נאָך איין מינוט — און אויס מַצָה.

— מער נישטאָ? — טוט אים פּעדקע אַ קוק אַריין מיט גרויסע אויגן אונטערן לייבסערדאַק און בּאַלעקט זיך, ווי אַ קאַץ נאָך פּוטער.

— דו וואָלסט געגעסן נאָך? — פרעגט איר פּייטל תּמעוואַטע, קייענדיק דאָס לעצטע שטיקל מַצָה, און קוקט אויף אים שעלמיש מיט כיטרע שוואַרצע אייגעלעך. אַ שאַלָה אַביסל, אויב פּעדקע וואָלט געגעסן נאָך!

— טאָ וואַרט אַביסל, — זאָגט אים פּייטל — איבעראַיאָר וועט זיין נאָך.

בּיידע צעלאַכן זיך פון דער הַמְצָאָה און, נישט געזאָגט איינער דעם אַנדערן קיין וואָרט, גלייך ווי מ'האָט זיך צונויפגערעדט פריער, טוען זיך בּיידע אַ וואָרף אַ קאַטש אַראָפּ, ווי צוויי קנוילן, גיך-גיך בּאַרג-אַראָפּ.



י. ל. פּרץ.

## חַד גַדְיָא.

דער טאַטע האָט אַ ציגעלע — פאַר צוויי גילדוין,
פון ערגעץ-ווו געבּרענגט, — פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין אַ ציגעלע — פאַר צוויי גילדוין
די קינדערלעך געשענקט. — אַ ציגעלע.

טאַנצט אַרום דאָס ציגעלע
ס'ווייסינקע אין הויף.
איז אַ שוואַרצע קאַץ פאַראַן,
כאַפּט זי, פרעסט עס אויף.

אָ, היט זיך, היט זיך, קעצעלע,
דער הונט איז אויפן פּלאַץ!
ער גיט אַ ביל, ער גיט אַ שפּרונג,
און עק שוין פון דער קאַץ!

קומט אַרויס אַ שטעקעלע,
אַ שטעקעלע פון וואַלד,
וואַרפט זיך אויפן הונט אַרויף,
אים ס'קעפּעלע צעקלאַפּט.

פליט אַרויס פון ערגעץ־וווּ
און באַפאַלט דעם שטאָק
אַ פייערל מיט רויטינקע
צינגעלעך אַ שאָק.

פליסט זיך אָן אַ וואַסערל,
דעם וואַסערל פאַרדריסט:
„וואָס ברענט אַזוי דאָס פייערל?"
נעמט עס באַלד, פאַרגיסט.

דאָס דערזעט אַן עקסעלע,
צום וואַסערל אַ שפּרונג!
וויל דער אָקס זיך נוקם זיין,
צי גלאַט ער וויל אַ טרונק?

ווער פאַרשטייט עס, וואָס
וואַלגערט זיך
אין מוחל ביי אַ רינד?
אַ שפּרונג, אַ זופּ, — אַ זופּ, אַ לעק,
און ס'וואַסערל פאַרשווינדט!

באַווייזט זיך באַלד אַ שוחטל,
גערעכט, צי נישט גערעכט,
כאַפּט אַרויס דאָס חלפל,
כאַפּט דעם אָקס און שעכט!

דערזעט פון טויט דער מלאך דאָס
מיט די טויזנט אויגן!
צעשפּרייט ער באַלד די פליגל
שוואַרץ,
קומט ער אָנגעפלויגן.

„אוי, וואָס האָסטו, מענטש,
געטאָן?"
געוואָרט אַן אויגנבליק, —
כאַפּט דעם שוחט ביים גרגרת,
כאַפּט אַ מעסערל און — כיק!

ווערט דער כביכול צאָרנדיק:
„נאָר געראַנגלט און געפּאָכן!"
און האָט אין זיין גערעכטיקייט
דעם טויט אַליין אויף טויט
געשאָכטן!

און, ווי אַלע טויטע, טויט
ליגט דער מַלאך אויסגעשפּרייט,
וואָס האָט דעם שוחטל געקוילעט,
ווייל ער האָט דעם אָקס געטויט,
וואָס האָט דאָס וואַסער אויס=
געטרונקען,
וואָס האָט דאָס פייערל פאַרלענדט,
ווייל עס האָט מיט רויטע
צינגלעך
ס׳הילצערן שטעקעלע פאַרברענט

ווייל עס האָט דעם קאָפּ געפּלעט
דעם הונט, וואָס האָט די קאַץ
דערשטיקט,
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע
קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַר=
צוקט —
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין אַ ציגעלע.



שלום עליכם.

# אויף יום=טוב.

## א.

— רֶבּ יִשׂרָאֵל! רֶבּ יִשׂרָאֵל! זייט=זשע מוחל! איר קאָנט זיך אונטערנעמען, סע זאָל פאַרטיק זיין דעם קינדס מלבושימלעך אויף יום=טוב?

אַזוי שרייט די מאַמע צו יִשׂרָאֵל דעם שניידער מיט אַלע כּוחות, מַחמַת יִשׂרָאֵל דער שניידער איז טויב, ווי די וואַנט. יִשׂרָאֵל, אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנג פּנים און מיט וואַטע אין די אויערן,

טוט אַ האַלבן שמייכל און אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי יענער רעדט: „פּאַרוואָס זאָל נישט זיין פּאַרטיק?"

— נעמט־זשע אים, זייט מוחל אַראָפּ אַ מאָס, נאָר מיט אַ תּנאַי, אויב עס קען זיין פּאַרטיק אויף פּסח.

ישׂראל דער טויבער טוט אַ קוק אויף דער מאַמע, ווי איינער רעדט: „אַ מאָדנע יידענע! דאַכט זיך געגוג, אַז מע זאָגט איין מאָל?" און ער שלעפּט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ לאַנגע פּאַפּי־רענע מאָס מיט אַ גרויסער ענגלישער שער און שטעלט מיך אַוועק און הויבט מיך אָן אויסצומעסטן אין דער לענג און אין דער ברייט. און די מאַמע שטייט ביי דער זייט און קאָמאַנדעוועט:

— לענגער, נאָך לענגער!... ברייטער, נאָך ברייטער!... למען השם, די הייזלעך נישט פאַרשמאָלן!... און דאָס קאַפּאָטקעלע זאָל זיין מיט אַ פאַלבאָם!... אויף עטלעכע פינגער!... נאָך, נאָך אַ ביסעלע! אָט אַזוי!... אין סטאַן זאָל, חס ושלום, נישט זיין קורץ! נאָך, נאָך... זשאַלעוועט נישט קיין מאַטעריע, וואָרים אַ קינד וואַקסט!...

ישׂראל דער שניידער ווייסט אַליין גאַנץ גוט, אַז „אַ קינד וואַקסט", ענטפערט ער נישט דאָס אַנדערע וואָרט און טוט זיך זיינס. אויסגעמאָסטן מיר אַלע אֵברים, טוט ער מיך אַ שלעפּ אָפּ פון זיך, ווי איינער רעדט: „קאָנסט גיין, ביסט פריי..."

מיר ווילט זיך זייער, אַז דאָס קאַפּאָטקעלע זאָל זיין פון הינטן מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע, נאָר איך ווייס נישט, צו וועמען זאָל איך מיך ווענדן.

ישׂראל דרייט צונויף די מאָס אויף צוויי פינגער.

— וויפל וועט איר זיך הייסן, אַ שטייגער, אָנמעסטן אַרום און אַרום פאַר דער אַרבעט, רב ישׂראל? — פרעגט אים די מאַמע.

ישראל דער טויבער נעמט ארויס פון זשילעט-קעשענע אביינערן ראָזשיקל, בויגט אויס דעם גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט, אַזוי אַז עס ווערט אַ גריבל, שיט אָן אין גריבל אַריין אַ בערגעלע טאַבאַקע, טראָגט דאָס צו פּאַוואָלינקע צו דער נאָז און שלעפּט אַריין דאָס בערגעלע טאַבאַקע אַזוי קונציק, אַז עס פאַלט נישט קיין סימן אַפילו אויף די וואָנסן. נאָכדעם טוט ער אַ מאַך מיט דער האַנט און אַ זאָג:

— עט, וואָס איז שייך מיר וועלן זיך נישט קריגן.

— געדענקט-זשע, רבֿ ישׂראל, וואָס איך בעט אייך: נישט שמאָל, און נישט קורץ, און אַ פאַלבאָם, און דער כטאָן גראָם און פאָרשטאָרנע...

— און אַ שפּאַל...? — וויל איך מיך אַריינמישן אינמיטן.

— שטיל, לאָז אויסרעדן אַ וואָרט! — זאָגט די מאַמע. — געדענקט-זשע נאָך אַמאָל: נישט קורץ, און נישט שמאָל, און דאָס סטאַנדל און אַ פאַלבאָם... למען השם, אַ פאַלבאָם!

— און אַ קעשענע? — פּרווו איך מיך נאָך אַמאָל.

— ווערסט נישט אַנטשוויגן ווערן? — זאָגט צו מיר די מאַמע — האָסטו געזען, אַ קינד זאָל האָבן אַ טבֿע זיך אַריינמישן, בשעת עלטערע רעדן!

ישׂראל דער טויבער נעמט דאָס פּעקל סחורה אונטער דער האַנט, טוט אַ שמיר די מזוזה מיט צוויי פינגער און אַ זאָג פון דער טיר:

— ווילט איר, הייסט עס, דווקא, סע זאָל זיין אויף פּסח?... אַ גוטן יום-טובֿ.

## ב.

— אָ, אָט איז רֶב גַדַלְיָה! מע זאָל דערמאָנען מְשִׁיחן! איך האָב נאָר וואָס אין זינען געהאַט צו שיקן צו אייך נאָך אַמאָל.

גדַלְיָה איז אַ ייד אַ שוסטער, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, פון פאָרנט אָן ציין, מיט אַ גרוי קיילעכיק בּוֹרדל.

— רֶב גדַלְיָה! — מאַכט צו אים די מאַמע — זאָגט נאָר, איר וועט זיך קאָנען אונטערנעמען אויפנייען דעם קינד אַ פּאָר שטי-ווועלעך אויף פֶּסַח?

גדַלְיָה דער שוסטער איז אַ פריילעך יידל, וואָס בִשַעַת ער רעדט, כאַפּט ער אַ טענצל!

— איר ווילט נאָר אויף פֶּסַח? — מאַכט ער צו דער מאַמען — ס'איז דיר אַן אנטיק, איטלעכער וויל אויף פסח!

— קאָנט איר, הייסט עס, נישט אונטערנעמען זיך, ס'זאָל זיין פאַרטיק אויף פֶּסַח?

— פאַרוואָס זאָל איך נישט קאָנען? — זאָגט גדַלְיָה מיט אַ טענצל — צוליב אייך לייג איך אַוועק אַלע אַנדערע אַרבעט און אייערע שטיוועלעך מוזן, אִם יִרְצֶה הַשֵׁם, זיין אויף פֶּסַח; ס'איז עפּעס אַ תירוץ?

און גדַלְיָה דער שוסטער קראַצט אויס אַ שטיקל בּלוי פּאַפּיר, שטעלט זיך אַוועק אויף איין קני און נעמט מיר אַ מאָס.

— לאָזט צו נאָך אַ קאַפּעטשקע, — זאָגט די מאַמע, — נאָך, נאָך... וואָס זשאַלעוועט איר אַ שטיקל לעדער? אָט אַזוי... ס'זאָל אים, חָלִילָה, נישט קוועטשן אין די פינגער!

— קוועטשן אין די פינגער, — זאָגט איר נאָך גדַלְיָה.

— לעדער זאָלט איר געבן, רֶב גדַלְיָה, איר הערט, נישט קיין פוילן!

— פוילן — זאָגט איר נאָך גדַליָה.

— פּאָדעשוועס זאָלט איר לייגן גוטע, זיי זאָלן נישט אָפּרייסן זיך.

— אָפּרייסן זיך — זאָגט נאָך גדַליָה.

— און די אָפּצאַסן זאָלן, חָלילָה, נישט אָפּשפּרינגען.

— אָפּשפּרינגען — זאָגט נאָך גדַליָה.

— איצט קאָנסטו גיין אין חֶדר אַריין — זאָגט מיר די מאַמע — דו זעסט כאָטש, ווי מע בּרענגט זיך אויס פון דיינעטוועגן? זאָלסט כאָטש וועלן לערנען, וועסטו זיין אַ מענטש, אַנישט וועט פון דיר זיין אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אַ הינטשלעגער!...

איך ווייס נאָך אַליין נישט, וואָס עס וועט פון מיר זיין: אַ מענטש, אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אָדער אַ הינטשלעגער? איך ווייס נאָר, אַז בּזה הרֶגע ווילט זיך מיר זייער-זייער, אַז די שטי-וועלעך זאָלן מיר סקריפּען, אוי, ווילט זיך מיר סקריפּקעס!...

— וואָס ביסטו געבּליבּן שטיין, ווי אַ ליימענער גולם? — רופט זיך אָן צו מיר די מאַמע, — פאַרוואָס גייסטו נישט אין חֶדר אַריין? גיי, מע וועט שוין מער נישט געבּן גאָרנישט.

— גדַליָה דער שוסטער לאָזט זיך גיין און קערט זיך אום צוריק.

— ווילט איר, הייסט עס, נאָר אויף פּסח? — זאָגט גדַליָה, — אַ גוטן יום-טוב!...



י. אַדלער.

# אַ זומער=פויגל.

ס'איז נאָך פּסח, —
שיין און וואַרעם איז אין דרויסן;
אין די גערטנער שטייען ביימער,
אויסגעפּוצט אין ווייסע בליטן,
אָנגעזאַפּט מיט לעבנס קרעפטן,
אָנגעפּילט מיט נייע כּוחות,
און די זאַפטיק=פולע צווייגלעך
ציען צו די בלויע הימלען.

און די זון, זי גיסט אַרונטער
ליבע שטראַלן אויף די פעלדער,
אויף די בערג און גרינע טאָלן,
אויף די שיינע, אויף די יונגע
בלומען=קנאָספּן — —
און אַ לינדער פרילינגס=ווינטל,
ווייך און לאַשטשענד, ווי אַ
סאַמעט,
האַלדזט און קושט די יונגע
גרעזלעך.

און די פויגלען
מיט די גלאַנציק=גרינע טשוביקעס
אויף די שוואַרצע סאַמעט=
קאַפּלעך,
און מיט קליינע רונדע אייגלעך,
און מיט טונקל=רויטע העלזלעך,
און מיט דינע געלע שנעבלעך,
און מיט ווייסע פּוכקע בייכלעך,
און מיט גאָלד=און זאַפראַן=
פליגלען —
פייפן, פּישטשען, זינגען שירה,
פליען פריילעך אין=דער=לופטן,
און זיי איילן אין די וועלדער,
און זיי טראָגן אין די פּיסקלעך,
ווער אַ פעדער, ווער אַ בלעטל —
אויסצובעטן זיך די נעסטער.

אָט באַווייזט זיך גאָר אַ שיינער
רויט=געפלעקטער זומער=פויגל;
איך און איציק —
אונזער שכנס איינציק יינגל —
לויפן האַסטיק מיט די היטלען,
און מיר וואַרפן זיי אין לופטן—
און נישט אַנדערש, ווי נאָר כאַפּן
ווילן מיר דעם זומער=פויגל...

און אָט שטעלט זיך אָפּ דער פויגל
ביי דעם פּאַרקאַן, וואָס אַרום איז

אונזער גערטל —
און מיר ביידע, איך און איציק,
לויפן ווידער מיט די היטלען...
און עס פליט שוין איציקס היטל
צו דעם פאַרקאַן —
דאָס מאָל דאַכט זיך אים גאַנץ זיכער,
אַז ער האָט אים שוין געפאַנגען—
לאַנגזאַם... לאַנגזאַם... גאַנץ פּאַמעלעך
הויבט מיין חבר אויף דאָס היטל...
ערשט — דאָס היטל איז גאָר ליידיק...
און איך לאַך מיך שטאַרק פאַנאַנדער:
זעסט ניִשט, שוטה, ווי דער פויגל
פלאַטערט אום שוין ביי די קוסטעס?
און מיין חבר, אַ פאַרשעמטער,
קוקט אויף מיר אַ ביסל ברוגז,
און זיין קעפּל איז צעשויבערט,
און די אייגלעך זיינע גלאַנצן,
און די בעקלעך, דאַכט זיך, בליען...
און דאָס הערצל הויבט זיך האַסטיק,
און ער סאָפּעט, שטאַרק פאַרמאַטערט,
און איך הער נישט אויף צו לאַכן,
און איך רייץ אים:
נו, ווו איז דיין זומער־פויגל?...



ה. אַנדערסען.

## ליין.

דער ליין איז שוין אין פולן בליעכץ אָנגעטאָן געשטאַנען; ער איז פול און אָנגעזעצט געווען מיט שיינע בלויע בלימעלעך און אַזוינע דינינקע, ווי די פליגעלעך פון קליינע בינעלעך, און אפשר נאָך דינער. די זון האָט אויף אים געלויכטן, רעגן־וואָלקנס האָבן אים באַגאָסן,

און דאָס איז פאַר אים אַזוי גוט געווען, ווי פאַר אַ קינד דאָס באָדן, נאָך וועלכן ס'קומט אַ מאַמע=קוש. דאָס קינד ווערט דערפון נאָך שענער; אַזוי איז אויך מיטן ליין געווען.

— מענטשן זאָגן, — האָט געזאָגט דער ליין, — אַז איך בין אויסגעצייכנט געראָטן, אַז איך בין אויסגעוואַקסן גרויס און וואָס בעסער קאָן גאָרנישט זיין, און אַז פון מיר וועט אַן אויסגעצייכנט שטיק לייוונט אַרויס. ווי גליקלעך איך בין! גליקלעכער פון מיר איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ! מיר איז אַצינד גוט, אויך שפּעטער וועט מיר, מסתּמא, עפּעס גוטס אַרויס. ווי פריילעך ס'איז אויף דער זון צו שטיין, ווי ס'קרעפּטיקט און ס'דערפרישט דאָס רעגנדל! איך בין איבערגליקלעך, איך בין גליקלעכער פון גאָר=דער=וועלט!

— נו, יאָ, געוויס! — האָט געזאָגט דער פאַרקאָן=דראָנג, — דו קענסט נאָך די וועלט נישט, מיר אָבער דערפאַר קענען זי אויס=געצייכנט, נישט אומזיסט זיינען אויף אונז אַזויפיל האָלץ=קניפּן פאַראַן — און דער דראָנג האָט זיך רחמנותדיק צעסקריפּעט:

שניפּ, שנאַם, שנורע,

באַסעלורע!

און דאָס לידעלע איז אויס!

— ניין! נאָך נישט אויס! — האָט געזאָגט דער ליין; — אויך מאָרגן וועט די זון וואַרעמען, אויך מאָרגן וועט אַ דערפרישנדיק רעגנדל אַ גאָס טאָן. איך פיל, ווי איך וואַקס, איך פיל, אַז איך בלי! איך בין גליקלעכער פון גאָר=דער=וועלט!

נאָר אָט זיינען איין מאָל מענטשן געקומען, דעם ליין פאַרן אויבערשטן און פאַר דעם קאָפּ אָנגענומען און מיטן וואָרצל אויס=געריסן — ס'האָט זייער וויי געטאָן! נאָכדעם האָט מען אים אין וואַסער אַריינגעלייגט, גלייך ווי מ'האָט אים טרינקען געוואָלט,

נאָכדעם האָט מען אים אויפן פייער געהאַלטן, גלייך ווי מ'וואָלט אים פאַרברענען געוואָלט. ס'איז שרעקלעך געווען.

— וואָס זאָל מען טאָן, אויך אין גליק קומען הַפְסָקוֹת פאָר, ס'רייסט זיך אַמאָל איבער, — האָט געזאָגט דער ליין, — מ'דאַרף אַמאָל אויך צולײדן, אַנישט ווייסט מען גאָרנישט, אַנישט פאַרשטייט מען גאָרנישט.

אָבער דעם ליין איז אַלץ ערגער און ערגער געוואָרן. מ'האָט אים געווייקט און געטריקנט, מ'האָט אים געקלאַפּט און געקעמט — וואָס=וואָס האָט מען מיט אים נישט איבערגעטאָן! ער האָט אַפילו נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך מיט אים אַזוינס. לסוף איז ער אויפן שפּינראָד געקומען. די ראָד האָט זיך געדרייט און צעזשומעט. דאַן איז שוין גאָר אוממעגלעך געווען עפּעס אַ טראַכט צו טאָן.

„איך בין דאָך אומגעהייער גליקלעך געווען", — האָט ער אין די ווייטאָקן געטראַכט. — דאַרף מען זיך מיטן געוועזענעם גליק באַנוגענען!... דאַרף מען זיין צופרידן, צופרידן! אוי!..."

און ער האָט זיך דאָס געחֲזֶרט אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז אין וועבשטול אַריינגעקומען, — געחֲזֶרט ביז דעמאָלט, ביז ס'איז פון אים אַ גרויס און אויסגעצייכנט שטיק לייוונט אַרויס. דער גאַנצער ליין, ביזן מינדסטן שטיקעלע, איז אויף אָט דעם שטיק אַוועקגעגאַן.

— ס'איז דאָך אַ וווּנדער! כ'וואָלט עס קיינמאָל זיך גאָרנישט נישט געגלויבט! ווי ס'גייט מיר אַ ביסל! הא, וואָס זאָגט איר אויפן דראָנג און אויפן לידעלע אויף זיינעם? — ער פאַרשטייט אַ סך און אַוודאי. — „דאָס לידעלע איז אויס!..." אַז ס'הויבט זיך ערשט גאָר אָן!... כ'לעבן, ס'איז אַ וווּנדער! אויב ס'איז מיר אויסגעקומען אַ ביסל צו ליידן, איז וואָס? איז דאָך דערפאַר אָבער פון מיר עפּעס אַרויס! איך בין דער גליקלעכסטער פון אַלע! ווי

שטאַרק און דין איך בין איצט, ווי ווייס און לאַנג! דאָס איז דאָך נישט עפּעס אַ פּראָסט און ליאַדע געוויקסל צו זיין, זאָל זיין מיט בלימעלעך אַפילו. אַרום געוויקסל גייט דאָך קיינער נישט, אויפן געוויקסל קוקט דאָך קיינער נישט, און וואַסער באַקומט ער נאָר דאַן, ווען אַ רעגן גייט. נישט אַזוי אָבער אַצינד! אַרום מיר גייט מען, מיך באַזאָרגט מען; אַלע פרימאָרגן קערט מיך די דינסט אויף אַן אַנדער זייט איבער, אַלע אָיפּדערנאַכט באַגיסט מען מיך מיטן וואַסערגיסער. אַליין דאָס ווייב דעם פּאַסטאָרס האָט מיך געלויבט און געזאָגט, אַז איך בין דאָס בעסטע שטיק לייוונט פון דער גאַנ־צער געגנט אַרום; גליקלעכער פון מיר קאָן גאָרנישט זיין!

נאָך אַט האָט מען דאָס שטיק לייוונט אין אַ שטוב געבראַכט, און ס'איז אונטער דער שער געקומען. אַך, ווי מ'האָט עס געשניטן און געריסן, ווי מ'האָט עס מיט נאָדלען דורך און דורך געשטאָכן! וואָס איז דאָ צו רעדן: האָניק איז געווים זיסער! דערפאַר אָבער זיינען פונם שטיק לייוונט צוועלף שטיקלעך גרעט אַרויס — אַזאַ גרעט, וואָס איז יעדן מענטשן נויטיק. יאָ, גאַנצע צוועלף שטיקלעך זיינען פונם שטיק אַרויס!

— ניין! זאָגט אַליין, איז אָט ווען ס'איז פון מיר לייטיש אַרויס! איז אָט אין וואָס מיין באַרוף באַשטייט! דאָס איז דאָך איין מאָל אַ גליק! איצט ברענג איך דאָך נוצן דער וועלט, און דאָס דאַרף מען דאָך, דאָס איז דאָך דאָס אֶמֶתע אויבער־גוטס. אָט זיינען מיר צוועלף שטיק אַצינד, און דאָך אַ גאַנץ: אַ טוץ. וואָס פאַר אַן אומגעווייגלעך גליק דאָס איז!

און יאָרן זיינען זיך געגאַנגען — און דאָס גרעט האָט זיך אָפּגעטראָגן.

— איז וואָס? אויף אַלץ איז דאָך אַ סוף, — האָט יעדער שטיקל געזאָגט, — איך וואָלט געוויס געדן זיך נאָך געהאַלטן אַ ביסל, נאָר קיין אוממעגלעכס קאָן מען דאָך נישט פאָדערן.

האָט מען זיי אויף שטיקלעך און אויף שמאַטקעלעך צעריסן. האָבן זיי געמיינט, אַז איצט איז שוין גאָר זייער סוף געקומען, ווייל מ'האָט זיי געהאַקט און געבראָקט, געווייקט און געקאָכט, — זיי האָבן אַליין נישט געוווסט, וואָס מע טוט מיט זיי. און פלוצים איז פון זיי אויסגעצייכנט ווייס פאַפיר אַרויס.

— נו, אָט אַ סיופריז — שוין איין מאָל אַ סופריז! — האָט געזאָגט דאָס פאַפיר. — איצט בין איך דאָך נאָך דינער, ווי פריער, און אויף מיר וועט מען דאָך שרייבן אַצינד. איז דאָס דען נישט קיין אומגעהייער גליק?

און אויפן פאַפיר האָט מען באמת שרייבן גענומען. און אָנגעשריבן האָט מען דערויף וווּנדערלעכע געשיכטעס און לידער ווּנ־דערלעכע. דערביי האָט מען דערויף בסך־הכל נאָר איין מאָל מיט טינט אַ קלעק געמאַכט. דאָס איז שוין אָן ספק אַ באַזונדער מין גליק גאָר! און מענטשן האָבן דאָס, וואָס איז אויפן פאַפיר אָנגעשריבן געווען, געהערט, און אָנגעשריבן דערויף איז געווען אַזאַ גוטס און אַזאַ קלוגס, אַזוי, אַז דאָס הערנדיק, זיינען זיי אַליין אויך קליגער און בעסער געוואָרן. עפּעס אַ גרויסער חסד איז געלעגן אין די ווערטער, וואָס זיינען אויף דעם פאַפיר געווען.

— „אָ, — האָט געטראַכט דאָס פאַפיר, — דאָס האָט דאָך איבערגעשטייגט מיינע אַלע טרוימען, וואָס איך האָב געטרוימט אַמאָל, אין יענער צייט, ווען איך בין נאָך מיט מיינע בלימעלעך אויפן פעלד געשטאַנען. האָב איך זיך דען געקאָנט פאָרשטעלן אָדער זיך אויסמאָלן, אַז איך וועל אַמאָל צווישן מענטשן פרייד און ווּסנשאַפט

פאַרשפּרייטן? ס'גלויבט זיך מיר אַצינד נאָך אויך נישט. גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, אַז איך אַליין האָב טאָן נאָר דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפט, לויט מיינע שוואַכע כּוחות געטאָן צוליב מיין לעבן צו דערהאַלטן, און דאָך פירט ער מיך פון איין פרייד צו דער אַנדערער און פון איין דערהויבן־ווערן צום צווייטן. יעדער מאָל, ווען איך טראַכט מיר: „אָט שוין אַן עק!" — גיי איך גאָר, ווי ס'ווייזט זיך אַרויס, צו אַ בעסער און שענער לעבן איבער. איצט וועט מען מיך געוויס אויף דער וועלט אַרויסשיקן, מענטשן זאָלן מיך לייענען קאָנען. יאָ, געוויס. אַנדערש קאָן דאָך נישט זיין! איך האָב דאָך אַצינד אַזויפיל טייערע און פיינע געדאַנקען, וויפל בלי־מעלעך בלויע אויפן פעלד אַמאָל. איך בין טאַקע דער גליקלעכסטער פון גאָר דער וועלט!"

דאָס פּאַפּיר אָבער האָט מען נישט אויף דער וועלט אַרומפאָרן אַרויסגעשיקט, מ'האָט עס אין דרוקעריי געבראַכט, און דאָרטן אַלץ, וואָס דערויף איז אָנגעשריבן געווען, אין אַ בוך אָפּגעדרוקט, און נישט איין בוך, נאָר עטלעכע הונדערט ביכער: אויף אַזאַ אופן האָבן אַ סך אַ גרעסערע צאָל מענטשן דערפון געקאָנט נוצן האָבן, איידער אין דעם פאַל, ווען מ'זאָל דאָס פּאַפּיר אַליין אויף אַרומ־רייזן אַרויסשיקן, וואָס וואָלט נאָך דערצו אין האַלבן וועג אויף בלעטלעך זיך געוווען צעשאָטן.

— יאָ, געוויס איז אַזוי גלייכער! — האָט דאָס באַשריבענע פּאַפּיר געטראַכט. — דעם אמת זאָגנדיק, איז דאָס מיר גאָר אויפן זינען נישט געקומען: וועל איך איצט אינדערהיים בלייבן און מ'וועט מיר, ווי אַן אַלטן זיידן, כּבוד אָפּגעבן, וואָרים איך בין דאָך טאַקע אַ זיידע פון די אַלע ביכער, די נייע! אָט איצט ערשט וועל איך אַ סך נוצן ברענגען! אין מיין איצטיקן שטאַנד אָבער וואָלט איך

לאַנג נישט געקאָנט אַרומרייזן.... און נאָר צו באַטראַכטן, אַז אויף מיר האָט געקוקט דער, וואָס האָט דאָס אַלץ אָנגעשריבן... אַז יעדער וואָרט זיינס האָט זיך גלייך פון זיין פען אויף מיר אויס־געגאָסן... — בין איך דאָך טאַקע דער גליקלעכסטער פון אַלע אין דער וועלט!



דער נסתר.

## מיזעלע־מייזעלע.

אין אַ פעלדל, אין אַ וועלדל
שטייט אויף הינער־פיס
אַ הייזל —
האָט געוווינט אַמאָל, דערציילט מען,
דאָרט אַ קעצל מיט אַ מייזל.

האָט געליבט די קאַץ דאָס מייזל
און פון אַרבל פלעגט עס שפייזן,
האָט געקליידט עס און געשוכט עס,
קליינע שיכעלעך פון אייזן.

איז געגאַנגען מיט דעם אויף שׂמחות
אין אויף חתונות און בריתן,
אַזוי לאַנג מיט דעם געשלעפּט זיך,
ביז ס'האָט שיכעלעך צעריסן.

זיצט שוין מייזל אויפן אויוון...
איז די קאַץ אַוועק מיט קאָטער
אויף אַ שפּראָך זיך אויסצו־לערנען
ביי דעם שפּרעכער, ביי דעם טאָטער.

פאַר דעם מייזל אויף צו לעבן,
עס זאָל קאָנען זיך פאַרדינען,
ביז מויל אַריין זאָל האָבן,
איבער בערדל זאָל דעם רינען.

האָט זיי אויסגעלערנט טאָטער,
האָט זיי „בריוולעך" מיטגעגעבן,
וואָס אויף טאָטעריש און אויף טערקיש
איז אין זיי געווען געשריבן.

און זיי אָנגעזאָגט, געלערנט,
וואָס צו טאָן מיט זיי זאָל מייזל,
און פון דעמאָלט, און מען ווייסט שוין,
וווינט אַ שפּרעכער אין דעם הייזל.

קומען קינדערלעך מיט ציינדלעך
אויף אַ האָר, ווען זיי שוין הענגען,
קוים וואָס האַלטן זיך און שאָקלען
און צום אויוועלע זיי ברענגען.

און זיי שטעלן זיך אַנידער,
און די אייגעלעך זיי הויבן,
און די הענטעלעך פאַרלייגן
און זיי זאָגן שטיל מיט גלויבן:

„מיזל-מייזל, גרויסער שפּרע-כער...
ציינדל-ביינדל מיר דיר וואַרפן
און מיר בעטן דיר אַן אַנדערס,
אונז אַ אייזערנס צו שאַרפן.

אונז אַן אייזערנס צו געבן: —
מיר דיר — ביין, און אונז דו —
אייזן,
און דערפאַר דיין גאַנצן לעבן
נעמען אונטער דיך צו שפּייזן.

יויך מיט זייגערלעך, מיט ווייזערס
און מיט טעלערלעך פון הימל,
און מיט גאַנצע קרענץ פון שאָלעכץ,
און מיט קעלער-דומפּ און שימל.

זעק מיט באָרשט און פּעק מיט שמות,
און פון פויגל-מילך קאָטלעטן,
און מיט מאַרק-טעג און ירידים
און מיט סקריפּ פון טיר און בעטן.

אַלץ, וואָס ס'מויל נאָר קאָן אויסרעדן.
און אַז געלט וועט אונז נישט בלייבן,
נעמען מיר זיך אַלע פורים
גיין נדבות פאַר דיר קלייבן.

אַלע יאָר און ביז דיין עלטער,
און אַז ציין וועט דיר ניט סטייען,
זאָגן צו מיר, אַלע קינדער,
דיר דיין לעמעשקע צו קייען"

פרץ הירשביין.

# קוקקו־ריקו רראַאָ!

אַמאָל איז געווען אַ האָן. אַ ווייסער האָן, ווייס ווי מילך, און אפשר נאָך ווייסער, און אפשר אַזוי ווייס ווי שניי. און אַ קאַם האָט ער געהאַט נאָך רויטער פון רויט, רויט ווי פייער און אפשר נאָך רויטער. זיינע פיס זיינען געווען אויך רויטע, ווי די פיס פון ווייסע טויבן. און אַז ער האָט געקרייט — אוי, האָט ער געקרייט! ער האָט קיינמאָל נישט געקרייט אויף דער ערד שטייענדיק, דאָס האָט ער געהאַט פיינט. פריער אַרויפגעפליגן אויף אַ פלויט, אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגלען און:

— קוקו־ריקו — רראַאָאָ!

און באַלד —

— קוקי־קוקו ריקררראָ.

און באַלד —

— קוקוריקו ראַאַאַ.

אַזוי האָבן אים געענטפערט די הענער פון אַלע זייטן, אַרום און אַרום. פינף הינדעלעך האָט ער געהאַט און מיט זיי האָט ער זיך געחבֿרט.

איינע איז געווען אַ ווייסע און איינע אַ שוואַרצע, איינע אַ ווייסע מיט אַ שוואַרצן פליגל און איינע אַ ווייסע מיט אַ שוואַרץ פליגל מיט אַ ווייס קעפעלע, און די פינפטע איז געווען גאָר אַ שוואַרצע מיט אַ רויטן קאַם און מיט רויטע פיס און ביי די אויערלעך ווייסע לעפּעלעך, וואָס האָט געמיינט, אַז זי קען לייגן אַ סך אייעלעך.

זייער אַ גוטער, זייער אַ געטרייער איז ער געווען צו זיינע הינער. אַז ער האָט געפונען אַ קערנדל אין שטויב, האָט ער דאָס נישט אויפגעגעסן אַליין:

— קאָ־קאָ־קאָ — האָט ער געמאַכט, וואָס דאָס האָט געמיינט:

— הינדעלעך מיינע, ליבינקע, טייערע, אַ קערנדל האָב איך געפונען. ווער פון אייך וויל עס? ווער פון אייך וועט קומען פריער און וועט דאָס קערנדל כאַפּן?

וואָס אָבער קומט אַרויס? ער האָט זיך ליב געהאַט צו שלאָגן מיט פרעמדע הענער, ווייל ער האָט פיינט געהאַט פרעמדע הענער, וואָס זיינען געקומען צושפּאַצירן אויף זיין הויף און געוואָלט זיך חבֿרן מיט זיינע הינער. אוי, האָט ער געהאַט אַ כּעס! אוי, האָט ער זיך געשלאָגן! אין געשלעג האָט ער זיך געצילט נאָר אויסצעפּיקן דעם שונא די אויגן, כּדי ער זאָל

שוין נישט טרעפן דעם וועג אהער צו קומען. האָבן דאָס זיינע שונאים גע־ ווּסט און האָבן זיך געהיט. און אַז ער האָט אויסגעקרייט:

— קוקו־ריקו ראָאָאָו — קומט מיט מיר זיך שלאָגן!

האָט מען אים געענטפערט:

— קוקו־ריקו ראָאָאָו... שלאָגן זיך מיט דיר ווילן מיר נישט, ווילסט מיט אונז נישט לעבן בשלום — קומען מיר אינגאַנצן נישט.

— קוקוריקו ררראָאָאָ!! קומט צו מיר מיט מיר זיך שלאָגן...

קומט נישט קיינער.

וואַרט ער אַ טאָג, וואַרט ער צוויי, שאַרפט ער דעם שנאָבל אָן דער ערד, שאַרפט ער דעם שנאָבל און שאַרפט. שאַרפט ער אים אַ טאָג, שאַרפט אים צוויי, וואַרט אַז איינער פון זיינע שונאים זאָל קומען צו אים אַ גע־ שלעג פאַרפירן. קומט אָבער קיינער נישט. וואַרט ער און וואַרט און קען זיך נישט דערוואַרטן.

— קאָ־קאָ־קאָ — מאַכט ער איינמאָל צו זיינע הינדעלעך, איר בלייבט אייך דאָ און איך וועל זיך לאָזן זוכן מיינע שונאים. קומען זיי נישט צו מיר, באַדאַרף איך גיין צו זיי. און אוי וועל איך זיי די פעדערלעך פליקן. אוי וועל איך זיי די אויגעלעך פיקן.

נעמט ער און פליט אַרויף אויפן פלויט. אַ קריי געטאָן און באַלד אין פרעמדן גאָרטן אַריין. ביים פלויט אין פרעמדן גאָרטן זיינען געוואַקסן בעבלעך, און קאַרטאָפל, און קראָפעווע, און שישקעס, און בערעלעך און טאַקע דאָרטן האָט אויף אים געוואַרט דער שונא. אַ רויטער האָן — אַ גבור.

כּנוואַנען און פון וואָס האָט ער זיך גענומען? ווער קען וויסן. אָן אַ קריי, אָן אַ פּיפּס האָט זיך דאָס געשלעג אָנגעהויבן. וואָס מיר בערעלעך, ווען מיר שישקעס, אַז שלאָגן זיך זאָל שוין זיין שלאָגן. אָנגעבלאָזן די פעדערן אויף די העלזער און אַראָפּגעלאָזן די פליגל און אויסגעשפּיצט די שנאָבלען, און איינער צום אַנדערן, איינער אויף דעם אַנדערן, איינער אונטער דעם אַנדערן. דער רויטער צילט דעם ווייסן די אויגן אויסצופּיקן. און דער ווייסער צילט דעם רויטן די פעדערן אויסצעפּליקן, די אויגן אויסצעפּיקן. און נישט אומזיסט האָט דער ווייסער האָן אַזאַ רויטן קאַם און אַזעלכע רויטע, רויטע פיס — ווייל פלינק איז ער, גאָר פלינק. אָבער דער רויטער שׂונא איז שטאַרק, גאָר שטאַרק, און זיין שנאָבל איז אפשר נאָך שאַרפער. פּיקט ער דעם ווייסן אין קעפּעלע — פּיקט ער אים זיין קאַם. קאַפּען רויטע טראָפּנס פון זיין רויטן, רויטן קאַם. פאַלן די רויטע טראָפּנס אויף זיינע פעדערן

ווייס ווי מילך, אויף זייערע פעדערן ווייס ווי שניי. ציילט ער, ציילט ער יענעם אין די אויגן אַריינצעפּיקן, פאַלן זיי ביידע אַוועק און פאַרפּלאָנטערן זיך צווישן די שישקעס און בערעלעך. גישט קיין פּיפּס, און נישט קיין געשריי. פּלאָנטערן זיך און פּלאָנטערן זיך אַרויס און פאַלן ווידער אין געשלעג אַריין. אָט איז שוין דער ווייסער אויפן רויטן און דער רויטער ווידער אויפן ווייסן. רויטע און ווייסע פעדער-לעך מישן זיך צוזאַמען און די פעדערלעך אין רויטע, רויטע טראָפּנס אויסגעשמירט, קלעפּן זיך צו די שישקעס, קלעפּן זיך צו די בערעלעך...

און אַזוי האָט מען זיך געשלאָגן ביז דער טאָג איז אַוועקגעגאַנגען, ביז די נאַכט איז אָנגעקומען.

אַז די נאַכט איז אָנגעקומען, זעען דאָך די העגער שוין נישט מער, שלאָגט מען זיך נישט מער. אַז די נאַכט איז אָנגעקומען, איז מיט איר דער שלאָף גע-קומען. די נאַכט און דער שלאָף האָבן געמאַכט פון געשלעג אַ סוף. און הערט וואָס עס איז געשען:

באַגינען, די נאַכט האָט אָנגעהויבן ווערן בלייכער, און דער מלאך פון באַ-גינען איז געקומען צום ווייסן האָן, און געטאָן אַ סמאַליע 1) אונטער די פליגל, אים אויפגעוועקט און אָנגעזאָגט:

— עס קומט, עס קומט דער טאָג.

האָט דער ווייסער האָן ווי שטענדיק אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגל און אויסגעקרייט:

— קוקוריקו רדראָאָאָ, — דער טאָג איז דאָ!

איז געקומען אַ ווינטעלע פון מזרח זייט, אים אַ בלאָז געטאָן צווישן די פע-דערלעך און געשעפּטשעט: דער טאָג ער קומט, דער טאָג ער קומט... האָט ער צום צווייטן מאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגל און אויסגעקרייט:

— קוקוריקו — רדראָאָאָ, — דער טאָג איז דאָ!

אָבער פאַרוואָס איז דער טאָג נישטאָ?

האָט ער צום דריטן מאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגל און אויסגעקרייט:

קוקוריקו רדראָאָאָ!!

אָבער דער טאָג איז נאָך אַלץ נישטאָ.

הייבט ער אָן איבערצושטעלן פּיסעלע אָן פּיסעלע, פּיסעלע צו פּיסעלע, אפֿשר שלאָפן זיינע הינדעלעך לעבן אים — נישטאָ.

פּיסעלע צו פּיסעלע אין דער רעכטער זייט, פּיסעלע צו פּיסעלע אין דער לינקער זייט — קיינער נישטאָ.

---

1) אַ סמאַליע — אַ ברען.

קוקט ער אַרויף – פּינצטער.

קוקט ער אַראָפּ – פּינצטער. עס ווילט די נאַכט נישט אַרויסקריכן פון די אויגן.

טוט ער צום פערטן מאָל אַ פּאַטש מיט די פליגלען און ציט אויס אַזוי לאַנג:

– קוקוריקו רררראַאָאָאָ – דער טאָג איז דאָ!

אָבער דער טאָג איז נישטאָ.

פילט ער, ווי עס ווערט אים וואַרעמער אין קערפּער, עס ווערט אים וואַרעמער אין קאָפּ. הערט ער, ווי דער טאָג גייט שוין אַרום, אַרום און אַרום – טאָ פאַרוואָס ווילט די נאַכט פון די אויגן נישט אַרויסקריכן.

קוקט ער אַרויף – פינצטער.

קוקט ער אַראָפּ – פינצטער.

שטעלט ער ווידער זיך איבער פיסעלע רעכטס – קיינער נישטאָ. פיסעלע צו פיסעלע לינקס – קיינער נישטאָ. קוקט ער אַראָפּ און ווילט אַראָפּשפּרינגען אין דער פינצטערניש אַריין, דוכט זיך אים, אַז ער וועט פאַלן, פאַלן און קיינמאָל אויף גאָרנישט זיך אָפּשלאָגן.

– קאָ-קאָ-קאָ – איך בין דאָ. און אַ שפּרונג. –

נישטאָ וווהין צו שפּרינגען. נישטאָ פונוואַנען צו שפּרינגען.

ער איז געשטאַנען אויף אַ קלאָץ, וואָס איז געלעגן אויף דר׳ערד. נישטאָ וווהין צו שפּרינגען. הערט ער, הערט, און הערט ווי דער טאָג גייט אַרום און שפּילט זיך מיט זיינע הינדעלעך. דער טאָג וואַרעמט אים שוין און שפּילט זיך מיט זיינע פעדערלעך, אָבער די נאַכט ווילט אַלץ נישט אַרויס-קריכן פון די אויגן...

האָט ער זיך איינגעהאָרבעט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און גענומען טראַכטן. און אָט דאָס איז געווען דער סוף פון נעבעכיקן געשלעג. דער רויטער האָן האָט אים די אויגן אויסגעפּיקט, האָט זיך אין די אויסגעפּיקטע אויגן אַריינגעקליבן די נאַכט און ווילט נישט אַרויס...

– קוקוריקו רררראָאָאָ!

דער טאָג איז נישטאָ.



מאַני לייב.

# דאָס ליד פון בלויען לייך.

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

—ווינט, ווו ביסטו דאָס געווען?
—כ'בין אויף פעלדער דאָס געווען.
—ווינט,וואָס האָסטו דאָרט געזען?
—בלויען לייך האָב איך געזען.

פאַר דעם העלן בלויען שייך,
פון דעם אָוונט-שטערן
זיפצט און ווייגט דער בלויער לייך
און ער בייגט זיך, בייגט זיך איין:
„וואָס וועט פון מיר ווערן?"
שיינט דער אָוונט-שטערן:
„דו וועסט ווערן לייוונט".

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

—ווינט, ווו ביסטו דאָס געווען?
—כ'בין ביי פענסטער דאָס געווען.
—ווינט,וואָס האָסטו דאָרט געזען?
—באָבעס האָב איך דאָרט געזען.

פאַר דעם שפּינראָד זיצן זיי
ביז דעם מאָרגנשטערן:
„דריי זיך, רעדל, דריי זיך, דריי,
זאָל פון לייך ווי ווייסע שניי
ווייסער לייוונט ווערן".
שיינט דער מאָרגנשטערן —
ער זאָל ווערן ווייסער.

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

—ווינט, ווו ביסטו דאָס געווען?
—כ'בין אין הייזער דאָס געווען.
—ווינט,וואָס האָסטו דאָרט געזען?
—מאַמעס האָב איך דאָרט געזען.

ביי די וויגן בלייך און מיד
פאַרן שפּעטן שטערן
זינגען זיי: עס פירט אַ ייד
ווייסן לייוונט פון יריד.
מאַמעס, שערט מיט שערן!
נייט ביים שפּעטן שטערן
העמדלעך פאַר די קינדער.

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

—ווינט, ווו ביסטו דאָס געווען?
—כ'בין אין גאַסן דאָס געווען.
—ווינט,וואָס האָסטו דאָרט געזען?
—קינדער האָב איך דאָרט געזען.

פאַר דעם ערשטן ווייטן שיין
פון דעם ערשטן שטערן
זינגען קינדער: „לייך, לייך, לייך,
זאָל אויף דיר די בּרָכָה זיין,
אַז דו זאָלסט זיך מערן!"
און ביים ערשטן שטערן
טאַנצן ווייסע העמדלעך.

# איך בין אַ יָתום.

פון זינט איך בין צו מיין שֵׂכֶל געקומען, געדענק איך נישט, איך זאָל זיין אַזאַ מיוחס ווי אַצינד. וואָס איז מיט מיר דער יחוס?— מיין טאַטע, פּייסי דער חזן, איז געשטאָרבן דעם ערשטן טאָג שבועות, און איך בין געבליבן אַ יָתום.

פון דעם ערשטן טאָג נאָך שבועות האָבן מיר אָנגעהויבן זאָגן קדיש — איך און מיין ברודער אֶליהו. ער טאַקע האָט מיך אויס־געלערנט זאָגן קדיש.

מיין ברודער אֶליהו איז אַ געטרייער ברודער, אָבער נישט קיין גוטער רֶבּי. ער איז אַ כַּעַסן. ער שלאָגט זיך! ער האָט אויפגע־עפנט אַ סידור און האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט מיר און האָט אָנגעהויבן מיט מיר שטודירן: — יִתְגַדֵל וְיִתְקַדֵש שְמֵה רַבָּה... ער וויל, אַז איך זאָל שוין קאָנען אויסנווייניק. ער חַזֶרט איבער מיט מיר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל פון אָנהייב ביזן סוף און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגן אַליין. איך זאָג אַליין, אָבער עס גייט נישט. ער נעמט מיך אָן פאַרן אויער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפשטיין און זען, וואָס פאַר אַ זון ער האָט...

— וואָלט איך פאַרשפּאָרט זאָגן קדיש...

אַזוי זאָג איך צו מיין ברודער אֶלִיָהו און כאַפּ פון אים אַ געשמאַקן פּאַטש מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכטער באַק אריין. דערהערט די מאַמע און גיט אים אַ פּסַק, ער זאָל מיך ניט שלאָגן, וואָרים איך בין אַ יתום.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו? ווּעמען שלאָגסטו? האָסט פאַרגעסן אַפָּנים, אַז דאָס קינד איז אַ יתום?!

אין חדר גיי איך ניט, לערנען לערן איך ניט. דאַוונען דאַוון איך ניט, זינגען זינג איך ניט — פּטור פון אַלצדינג. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

ב.

מזל-טוב! איך קאָן שוין גאַנץ קדיש אויף אויסווייניק. רבנן-קדיש אויך. אין שול שטיי איך אויף אַ באַנק און קלאַפּ דעם קדיש ווי אַ מוזיק. אַ קול-נגינה האָב איך אויך בירושה פון מיין טאַטן, אַן אמתע סאָפּראַנאָ. אַלע יינגלעך שטעלן זיך אויס אַרום מיר און זיינען מיר מקנא. יאָסי דעם נגידס יינגל, הענאַך מיטן אייגל, אַז עס קומט צו רבנן-קדיש, שטעלט ער מיר אַרויס אַ צונג — ער וויל, ער גייט אויס, ער חלשט, איך זאָל מיך צעלאַכן. אים אויף צו להכעיס וועל איך נישט לאַכן! האָט דערזען אהרן דער שמש, האָט ער אים גענומען פאַר אַן אויער און האָט אים צוגעפירט צו דער טיר. אַ מצווה אויף אים! מחמת איך זאָג קדיש אינדערפרי און אויפדערנאַכט, גיי איך שוין נישט צו הערש-בער דעם חזן און טראָג מיך נישט אום מיט זיין דאַבציען. איך בין פריי. אַ גאַנצן טאָג געפין איך מיך ביים טייך. אָדער איך כאַפּ פיש אָדער איך באָד מיך.

כאַפּן פיש האָב איך מיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קאָן איך אייך אויסלערנען. מע טוט אויס דאָס העמד און מע פאַרקניפּט דעם אַרבל און מע גייט פּאַוואָליע ביזן האַלז אין וואַסער. מע דאַרף גיין לאַנג, לאַנג. אַז איר פילט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימן, אַז ס'איז פול, גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פאַרפּלאָנטערט אָפטמאָל

קליינע זשאַבקעלעך. וואַרפט זיי אַריין צוריק אין וואַסער אַריין, ס'אַ צַער־בַּעֲלֵי־חַיים. אין דער געדיכטער בלאָטע קאָנט איר אַמאָל געפינען אַ פּיאַוקע. פּיאַוקעס איז געלט. פאַר אַ צענדליק פּיאַוקע־לעך קאָנט איר באַקומען דריי גראָשן, אָנדערהאַלבן קאָפּיקעס, עס גייט נישט צופוס... קיין פיש זאָלט איר נישט זוכן. אַמאָל איז געווען פיש אויך, היינט איז נישטאָ. איך יאָג זיך נישט נאָך קיין פיש, איך בין צופרידן, עס זאָל כאָטש זיין פּיאַוקעס. נישט אַלע־מאָל איז דאָ פּיאַוקעס. היינטיקן זומער איז נישט געווען איין פּיאַוקע! פון וואַנען האָט זיך דערוווּסט מיין ברודער אֶליהו, אַז אַז איך כאַפּ פיש—ווייס איך ניט. ער האָט מיר שיר ניט אָפּגעריסן אַן אויער פאַר די פיש. אַ גליק, וואָס פּעסיע די גראָבע, אונזער שכֵנָה, האָט דערזען. אַן אייגענע מאַמע דאַרף זיך אַזוי ניט איינשטעלן פאַר איר קינד. „האָט אַזוי שלאָגט מען אַ יתום?" מיין ברודער אליהו האָט זיך פאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזט דעם אויער.

אַלע שטעלן זיך איין פאַר מיר. מיר איז גוט—איך בין אַ יתום!



ש. פרוג.

# זומער־לידער.

אויף די גערטנער, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען, —
ווי די פרייע בלויע וועלן
רוישן, גיסן זיך און קלינגען.

אין א פרישן קראַנץ פון זאַנגען,
פריי פון טרויער און פון קומער,
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
שוועבט דער שיינער, ליבער זומער.

זומער־פייגעלעך פון גאָרטן,
סטאַיעס בינען פון די שטאָקן
פליען אום און טאַנצן, שפרינגען
איבער זייגע שוואַרצע לאָקן;

און די ביימער שלאַנקע שטייען
שיין באַוואָקסן און באַהאָנגען;
אויף די פרייע, גרינע פעלדער,
שוין די הויכע שיינע זאַנגען

בויגן אָן די שטאָלצע קעפלעך
איינס צום אַנדערן און זשומען:
— „אַך, ווען וועלן זיי, ווען וועלן
שוין צו אונדז די שניטער קומען?..

און די שניטערס גייען, איילן...
סערפּעס, קאָסעס גלענצן, קלינגען...
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען.



# אינהאַלט: